# דער שאַנד־פלעק

איבערגעזעצט און ארויסגעגעבן

— פון —

פאַרלאַג „אַלערטאָ"

(פאָלקס־אָרגאניזאציע קעגן אנטיסעמיטיזם)



בוענאָס איירעס 1937

# אינהאלט:

זייט

* * *

דער בוך „דער שאַנדפלעק” איז דערשינען אין פּאַריז אונטערן קעפּל „די געלע לאַטע” אינעם פאַרלאַג „דע קאַרעפור”. זיין ציל איז — צו געבן אַ סיס-טעמאַטישע זאַמלונג פון דאָקומענטן וועגן די פאַרפאָלגונגען פון די אידן אין דער היטלערישער „דריטער אימפעריע”.

אַרויסגעבנדיק די אידישע איבערזעצונג פון דעם דאָזיקן בוך, האָבן מיר ניט געהאַלטן פאַר נויטיק וואָס עס איז צו ענדערן (אַכוץ אייניקע קירצונגען) אָדער צוגעבן צו דער פּאַריזער אויסגאַבע און מיר האָבן געלאָזט די דאָקומענטן רעדן זייער אייגענע שפּראַך.

די סיסטעמאַטיש-צונויפגעזאַמלטע דאָקומענטן וועגן דער אַנטיסעמיטישער געזעצגעבונג פון דער „דריטער אימפעריע”, וועגן די בלוטיקע פּאָגראָמען און וועגן דעם „קאַלטן” ווירטשאַפטלעכן פּאָגראָם, וועגן דעם באַרבאַרישן קרייצצוג אונטער דער פאָן פון „קאַמף קעגן ראַסנשאַנדע”, וועגן דעם קרייץ-צוג קעגן קינדער „ניט אַרישע” און „אַרישע”, וועגן די פייניקונגען אין די קאָנצענ-טראַציע-לאַגערן — און צוזאַמען דערמיט די דאָקומענטן וועגן דעם „אַנדערן דייטשלאַנד”, וועגן דער „ניט-עפנטלעכער” מיינונג, וואָס קעמפט קעגן דעם פאַשיסטישן באַרבאַריזם, — די דאָזיקע אַלע דאָקומענטן רעדן אַזאַ קלאָרע שפּראַך, אַז זיי וועלן אָן שום ספק זיין אינטערעסאַנט פאַר אונדזערע לייע-נער.

דער לייענער ווייסט — צוזאַמען מיט ליאָן פויכטוואַנגער, — אַז „גע-ווים קומען פאָר אין דעם דאָזיקן דייטשלאַנד נאָך שרעקלעכערע זאַכן, ווי די פאַרפאָלגונגען פון אידן, וועגן וועלכע עס ווערט דערציילט אין דעם דאָזיקן בוך”.

די דאָקומענטן, וואָס זיינען דאָ צונויפגעזאַמלט, באַלויכטן נאָר איין אָפּשניט פון דער פאַשיסטישער טעטיקייט, זיי שפּיגלען אָבער אָפּ די גאַנצע פּאָליטיק פון ווילדן באַרבאַריזם אַכזאָריעס, שאָוויניזם, פינצטערניש — מיט וועלכער די פירער פון דער „דריטער אימפעריע” ווערן ניט מיד צו גרייטן זייער פאַרשווערונג קעגן דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע — די קומענדיקע, נייע וועלט-שכיטע.

# פאָרוואָרט

דער בוך גרופירט מיט מוסטערהאַפטער אָביעקטיוויקייט דעם מאַטעריאַל וועגן דעם, וואָס מע רופט אין דער דריטער אימפּעריע „די לייזונג פון דער אידן־פראַגע". מע רופט אָפט די דאָזיקע אימפעריע „מיטלאַלטערלעכע". ווער עס לייענט דורך דעם בוך „דער שאַנד־פלעק" (די געלע לאַטע) מוז צווייפלען צי אַזאַ כאַראַקטעריסטיק איז ריכטיק. די טעמפּע גרויזאַמקייט פון די מיטאַלטערלעכע רעדיפעס אויף אידן שיינט צו זיין הומאַן, ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט דער אָרגאַניזירטער רעציכע, מיט דער דיסציפּלינירטער ווילדקייט פונעם איצטיקן דייטשלאַנד.

געוויס קומען פאָר אינעם איצטיקן דייטשלאַנד נאָך מער עקלהאַפטיקע זאַכן, איידער די רעדיפעס אויף אידן, וועגן וועלכע עס ווערט דערציילט אינעם דאָזיקן בוך, — זאַכן, וואָס זיינען אַ גרעסערע געפאַר פאַר דער וועלט־ציוויליזאַציע, איידער די סיסטעמאַטישע פאַרניכטונג פון אַ האַלבן מיליאָן הויך ציוויליזירטע אייראָפּייער. אָבער די ווילדקייט און די געמיינהייט פון דעם סיסטעם שטעקט אין יענע געשעענישן טיפער אונטער דער אויבערפלאַך; דאָ, אין דעם גרויסן, דויערהאַפטיקן, אָפיציעל אָרגאַניזירטן און סטימולירטן פּאָגראָם, ליגט ער קלאָר ,ווי אויף דער האַנט, אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט. ווייל דער דאָזיקער פּאָגראָם ווערט פאָרגענומען ניט נאָר מאַכמעס ווירטשאַפטלעכע סאָציאַלע און פּאָליטישע מאַטיוון: די רעציכעס, וואָס עס ברענגט מיט זיך, קומען פאָר מערסטנטייל פון טיפער פיינטשאַפט צו דער פאַרנונפט, פון הוילן שיגאָען, פון הוילן האַנאָע־האָבן פון אַכזאָריעס, פון באַשמוצן די מענטשלעכע ווערדע, פון דערנידעריקן אַן אַנדער מענטשן, — פון מענטשן־האַס.

טרייסטן קאָן מען זיך מיט איין זאַך. צווישן די מיטיילונגען, וואָס זיינען דאָ צונויפגרופירט, טרעפן זיך אַלץ אָפטער קליינע געשעעניש, וואָס באַווייזן, אַז ברייטע טיילן פון דער באַפעלקערונג זיינען ניט איינשטימיק מיט דעם, וואָס עס קומט איצט פאָר אין דייטשלאַנד. שטעלט זיך אָפּ בא די דאָזיקע עפּיזאָדן, לייענער. גייט ניט אַריבער פאַרביי זיי. פאַראַלגעמיינערט ניט. איר זאָלט ניט אָנווענדן צום גאַנצן דייטשישן פאָלק מיט מיטלייד און פאַראַכטונג די פראַזע, וואָס פרידריך ניצשע האָט אַמאָל געשריבן צו זיין שוועסטער: „אָרעמע לאַמע, איצט ביסטו דערגאַנגען צום אַנטיסעמיטיזם".

דאָס דייטשישע פאָלק איז ניט אידענטיש מיט די לייט, וואָס פרעטענדירן איצט צו זיין זיינע פאָרשטייער. דאָס דייטשישע פאָלק קעמפט קעגן זיי, עס וועט קומען דער טאָג, ווען עס וועט אָראָפּוואַרפן די נאַראָנים און די אויסוואורפן, וואָס וועגן זייערע פאַרברעכנס ווערט דערציילט אין דעם בוך.

**ליאָן פויכטוואַנגער**

# דייטשלאַנד אין שאָטן פון די נירענבערגער געזעצן קעגן אידן

## פיל עטאַפּן אָבער איין ציל

זינט דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם איז אין דייטשלאַנד געקומען צו דער מאַכט, האָט ער אין איין אָנעמען מאָסמיטלען צו אויסראָטן די אי־דישע באַפעלקערונג אינעם לאַנד. זאַרגפול, ווי אַ שפּין, האָט ער צונויפ־געצויגן די נעץ, אין וועלכער עס האָט געמוזט האָפענונגלאָז בלייבן שטע־קן אַ האַלבער מיליאָן מענטשן אָן אונטערשייד פון עלטער און געשלעכט. דער פאַרניכטונג־מאַרש איז געפירט געוואָרן ניט נאָר קעגן די 500.000 מענער און פרויען, קינדער און אַלטע לייט, וואָס געהערן צום אידישן גלויבן; ער איז אויך געווענדעט קעגן פילע הונדערטער טויזנטער, וואָס איבער זייער זיידן צי זייער באָבען ווערן זיי באַטראַכט אַלס „ניט־אַריער" און ווערן דעריבער געשטעלט אויסערן געזעץ.

ביז דער סאַמע לעצטער צייט האָבן פיל מענטשן אין און אויסער דייטשלאַנד נאַיוו געגלויבט, אַז די פאַרפאָלגונג פון די אידן אין דער דריטער אימפּעריע איז ניט מער ווי אַ געוויטער, און כאָטש איינצעלנע אידישע פאַמיליעס שטייען אויס שווערע ליידן, וועט דאָס דאָך אַרי־בערגיין. אין אַלע לענדער זיינען געווען אָפּטימיסטן, וואָס האָבן גע־טרוימט וועגן אַ פרידלעכער פאַרשטענדיקונג, און צווישן זיי זיינען גע־

ווען גראָד דייטשישע אידן; זיי האָבן ניט געקאָנט גלויבן, אַז מע וועט זיי אינגאַנצן פאַרטרייבן פון דעם לאַנד, וואו זייערע עלטערן און עלטערנס עלטערן האָבן געוואוינט אין מעשעך פון הונדערטער יאָרן און האָבן געגעבן אַ ווערטפולן צושטייער צו זיין ווירטשאַפטלעכער, קולטורעלער און וויסנשאַפטלעכער בויאונג.

דאָס יאָר 1935, די געזעצן, וואָס דער דייטשישער רייכסטאַג האָט איינשטימיק אָנגענומען דעם 15 סעפּטעמבער 1935 י., האָבן ענדגילטיק צונישט געמאַכט די דאָזיקע אילוזיע.

אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד, — פון די אַכזאָריעס־דיקע האָריגעס און טעראָר־אַקטן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן זינט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן זיינען געקומען צו דער מאַכט און דויערן ביז היינטיקן טאָג, פון דעם אָפיציעלן בויקאָט־טאָג פון 1־טן אַפּריל 1933 י. ביז דעם שטילן שטענדיקן בויקאָט, וואָס איז געקומען נאָך אים און וואָס ווערט פאַרגעזעצט, פון די איינצלנע אַנטי־אידישע געזעצן פון די יאָרן 1933—1934 ביז דעם נירענבערגער „געזעץ צו שיצן דאָס דייטשישע בלוט“, — דאָס אַלץ איז ניט מער ווי עטאַפּן אויף איין וועג. דער ציל איז די אויסראָטונג פון דער אידישער באַפעלקערונג פון דייטשלאַנד, ווי דאָס פאַרלאַנגט און אָרגאַניזירט די העכסטע אָנפירונג פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אין די פריערדיקע צייטן האָט די קולטורעלע וועלט אויך געזען אידן־פּאָגראָמען. ווען דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט מאָביליזירט די „שוואַרצע מייע“ און אָנגעהעצט אויף אידישע פאַמיליעס באַנדעס פון שיקערע אַלפאָנסן און גאַנאָווים, האָט זיך אין דער וועלט אויפגעהויבן אַ שטורעם פון צאָרן. אָבער ווי גרויס איז דער אונטערשייד צווישן יענע עקסצעסן און דעם אויסראָטונג־מאַרש, וואָס ווערט איצט געפירט אין דייטשלאַנד קעגן הונדערטער טויזנטער מענטשן!

אינעם פאַר־מילכאָמעדיקן רוסלאַנד פלעגט די רעגירונג געבן די באַנדעס פון דער „שוואַרצער מייע“ פרייע הענט אויף עטלעכע טעג. זיי האָבן געדאַרפט רויבן די אידן, אונטערצינדן, האַרגענען, ווייל די רעגירונג האָט זיך געניייטיקט אין פּאָגראָמען אויף אָפּצואווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון אירע אינערלעך־פּאָליטישע שוועריקייטן. נאָך דעם, ווי דער

דאָזיקער אומיטלבאַרער צוועק פלעגט דערגרייכט ווערן, פלעגט מען די פאָגראָם־העלדן הייסן אָפּטראָגן זיך, פונקט אַזוי גיך, ווי מע האָט זיי אַרויסגערופן צום לעבן.

אַנדערש איז די לאַגע אין היטלער־דייטשלאַנד. שטרייכער און זיין בלוטדורשטיקע אַגיטאַציע דערמאָנט גאָר שטאַרק די מעטאָדן פון דער „שוואַרצער מייע״; דער בלוט־בילבל, וועלכן ער פאַרשפּרייט, און די אויסערגעוויינלעכע נידערטרעכטיקייט פון זיין שפּראַך און פון זיין אויפירונג קאָפּירן זייערע נידערטרעכטיקייטן, אָבער דאָך דאַרף מען ניט פאַרגעסן דעם איקער: הינטער זיין צעיושעטער פּראָפּאַגאַנדע שטייען אַנדערע, מער אַנטשיידנדיקע קרעפטן. זיי ליאַרעמען ווייניקער, אָבער זיי אַרבעטן אָן אַן ערעך קאַלטער, אַנראַכמאָנעסדיקער, האַרטנעקיקער צו דערגרייכן זייער ציל — די פאַרניכטונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד. פאַר די רעדיפעס אויף אידן, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן זינט דעם יאָר 1933 און זיינען פאַרגעזעצט געוואָרן שפּעטער — אַמאָל שוואַכער, אַמאָל שטאַרקער, אָבער שטענדיק און סיסטעמאַטיש, — איז כאַראַקטעריסטיש פריער פאַר אַלץ דאָס, וואָס פאַראָרדנט, געפירט און געשטיצט האָבן זיי די העכסטע אויטאָריטעטן פון דער פּאַרטיי און דער מעלוכע, וואָס דער גאַנצער פּאַרטיי־אַפּאַראַט און דער גאַנצער מעלוכע־אַפּאַראַט איז געלאָזן געוואָרן אין גאַנג, קעדיי דורכצופירן זיי דערפאָלגרייך און גרינטלעך.

דער דאָזיקער פאַרניכטונג־מאַרש האָט גאַנץ רעאַלע פּאָליטישע סיבעס. מע פירט אים דורך אַזוי קאָנסעקווענט ניט ווייל מע האָט עס צוגעזאָגט אין דער פּאַרטיי־פּראָגראַם און מע האָט אין מעשעך פון פופצן יאָר געהאַלטן אין איין אָנזאָגן, אַז דער טאָג פון דער באַפרייאונג וועט קומען, „ווען דאָס אידן־בלוט וועט שפּריצן פונעם מעסער״. דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם האָט זיך אין זיין קאַמף פאַר מאַכט ניט זשענירט. ער האָט געגעבן טויזנטער צוזאָגן, און נאָכן 30־טן יאַנואַר 1933 י. האָט ער אָפּילע ניט אָנגעהויבן צו קלערן וועגן פאַרווירקלעכן זיי. אָבער מיט די רעדיפעס אויף אידן האָבן די ברוינע מאַכטהאָבער געקאָנט דערגרייכן צוויי זאַכן. שטויסט מען אַרויס די אידן פון זייערע פּאָזיציעס, טרייבט מען אַרויס די אידישע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און נאָטאַריוסן, בויקאָ־

טירט מען די אידישע געשעפטן אַזוי, אַז זיי זאָלן פאַרקויפט ווערן פאַר גראָשנס, פאַרניכטעט מען דעם אידישן קאָנקורענט און מע זאָגט אָפּ דעם אידישן אָנגעשטעלטן, — געווינט מען דערמיט שטעלעס פאַר די אָנ־הענגער פונעם רעזשים. אייניקע צענדליק טויזנט שטעלעס — דאָס איז דאָס מינדסטע, וואָס מע האָט געמוזט דערגרייכן, אָנשטאָט דעם גאַניידן, וועלכן מע האָט געהאַלטן אין איין צוזאָגן, איידער מע האָט פאַרכאַפּט די מאַכט. „אַריער"־געזעצן און טעראָר, קעדיי צו שאַפן פ ר י י ע ש ט ע ל ע ס, — דאָס זיינען די ערשטע אַקטן, מיט וועלכע עס האָבן געזאָלט פאַרווירקלעכט ווערן די פריערדיקע צוזאָגן, כאָטש עס איז אַ פאַקט (לעהייפעך צו די ליגנס, וואָס די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן פאַר־שפּרייטן), אַז די דייטשישע אידן האָבן אין זייער איבערוועגנדיקער מער־הייט ניט פאַרנומען קיין שום הערשנדיקע פּאָזיציעס און זיינען מערסטנ־טיילס באַשטאַנען פון קליינבירגער און מענטשן פון מיטעלן שטאַנד. טריט נאָך טריט איז די אידן־פראַגע געוואָרן „געלייזט". אין דער ערש־טער ריי האָט מען געמאַכט „אידנריין" די אַזוי־גערופענע פרייע פּראָפע־סיעס, די הויכשולן, דעם באַאַמטן־אַפּאַראַט. ווייטער איז געקומען די קאַמפּאַניע קעגן אַלערליי אידישע אונטערנעמונגען. נאָכדעם האָט מען אַריבערגעטראָגן דעם טעראָר פון די שטעט אין די דערפער, מע האָט מיט געוואַלט פאַרטריבן די אידן פון גאַנצע פּראָווינצן. אַ איד אַ בלינדער האָט מער ניט געטאָרט געהערן צו דעם זעלבן פאַריין, ווי אַן „אַריער", אידישע קינדער האָבן אויפגעהערט באַקומען מילך, — די געזעלשאַפט־לעכע פאַרשטויסונג האָט דערגאַנצט די ווירטשאַפטלעכע פאַרניכטונג.

דער בוך שילדערט דאָקומענטאַל דעם מאַרטירער־וועג, וואָס די אי־דישע באַפעלקערונג פון דייטשלאַנד האָט דורכגעמאַכט, ווי מע האָט בא איר אָפּגענומען אַ ל ץ, — דאָס לעבן, די ערע, די עקזיסטענץ.

מיטן שאַפן פרייע שטעלעס פאַר די „אַלטע קעמפער" איז דער־גרייכט געוואָרן נאָר איין טייל פון דעם ציל, צו וועלכן דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם שטרעבט מיט זיין ראַסן־העצע. דאָס איז דער לאָגישער, אומ־פאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון דער בלוט־און באָדן־טעאָריע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער נייער דייטשישער אימפּעריאַליסטישער מיל־כאָמע־פּראָפּאַגאַנדע. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פירער ווייסן, אַז אין



דער מילכאָמע וועגן זיי גרייטן, קאָן מען די מאסן מער ניט פירן מיט די לאָזונגען פון יאָר 1914. דעם „גייסט פון לאַנגעמארק“ קאָן מען ניט ארויסרופן נאָכאמאָל דורך צוזאָגן דעמאָקראַטיע און ענלעכע אידייען, וואָס האָבן פארלאָרן זייער ווערט. אָבער מילכאָמע־ענטוזיאַזם איז א פאָרויסזעצונג פארן זיג, פארן דערגרייכן אימפעריאַליסטישע צוועקן. אזוי ווי דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם קאָן ניט געבן די מאסן קיין סאָציאַלע באַדינגונגען, וועלכע עס זאָל ווירקלעך לוינען צו פארטיידיקן, פאר וועלכע די מאסן זאָלן זיין גרייט צו קעמפן און אויך צו שטארבן, מוז ער געפינען נייע, נאָך ניט אויסגעדראָשענע לאָזונגען, וואָס זאָלן קאָנען אויפלאַמען די יוגנט און זאַמלען אונטער זייער פאָן די מאסן, אריינגערעכנט אפילע איניקע קרייזן פון דער ארבעטערשאַפט.

## דער „וועלט־פיינט“

אומפעיק צו שאַפן וועלכע־עס־איז נייע לעבנס־ווערטן, צו העכערן רעאַל די ווירטשאַפטלעכע און די קולטורעלע לאַגע פונעם פאָלק, מוז דער דייטשישער פאַשיזם געפינען א „וועלט־פיינט“, וואָס זאָל זיין שולדיק אין אַלדאָס־בייז. דאָס איז דער „אַליודאַ“ (דאָס אַלוועלטלעכע אידנטום). קעגן אים ווערט עס געפרייידיקט דער „באפרייאונג־קאַמף“, קעגן אים זאָל עס געפירט ווערן א „הייליקע מילכאָמע“, — ערשט דעמאָלט קאָן אָנקומען דער גאַניידן אַף דער ערד. ווען עס פעלט אוים פוטער, ווען עס איז ניטאָ קיין פלייש, ווען דער לעבנס־ניוואָ זינקט אַלץ טיפער, ווען דער ארבעטלוין ווערט פארקירצט און דעם אָנגעשטעלטנס געהאַלט ווערט רעדוצירט, — קאָן מען בייקומען די אַזוי ארום אנטשטייענדיקע אומצופרידנקייט, אויב יעדער איינער איז דורכגעדרונגען מיטן באוואוסטזיין, אַז ער געהערט צו דער בעסטער ראַסע, צו דער סאַמע אויסדערוויילטער, אַז ער איז א טייל פון דעם „אַרישן האַרן־פאָלק“, וואָס אים קומט מיט רעכט די הערשאַפט איבער דער וועלט.

אָט דעם געפיל זאָל מען איינפלאַנצן אין יעדן „אַריער“ פון קינדווייז אָן. די שול און די פרעסע, דאָס ארבעט ביוראָ און דאָס מיליטער־

דינסט, רעדעס דורך ראַדיאָ און די אָרגאַניזאַציע „קראַפט דורך פרייד“, — אַלץ איז פאַרבונדן מיטן אײַנציקן ווילן צו הערכען דעם דאָזיקן געפיל, און — אַלס קאָמפּענסאַציע פאַר דער טאָג־טעגלעכער נויט — צו סטימולירן דעם באַוואוסטזײַן, אַז דײַטשלאַנד מוז טריאומפירן איבער אַלץ אין דער וועלט. דאָס איז דער ווינקלשטיין פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, און אונטערהאַלטן די קאָלאָסאַלע געביידע פון דער מיליטערישע־צוגרייטונג קאָן ער נאָר דאַן, ווען דער „וועלט־פיינט“, ווען „די אידישע וועלט־פאַרשווערונג קעגן די ריינע אַריער“ ווערט שטענדיק פונדאָסניי געהעריק דעמאָנסטרירט. מע דאַרף קיין שום אויסנאַם ניט מאַכן, אַלציינס, צי דאָס איז דער „באָלשעוויסטישער איד אין מאָסקווע“, דאָס „פאַראידישטע און פאַרנעגערטע פראַנקרייך“, גרויסבריטאַניע, וואָס ווערט געפירט פון דער „פאַראידישטער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע“, אָדער די „אידן־מאַכערייען אין אַמעריקע“, קעגן וועלכע דאָס „אַרישע האַרן־פאָלק“ פון דײַטשלאַנד ווערט גערופן צום קאַמף.

האָט עמעצער מוט צו דערווידערן קעגן די דײַטשישע עקספּאַנסיע־אַפּעטיטן, קעגן דײַטשלאַנדס אימפּעריאַליסטישע קריגס־צילן, ווערט ער באַשולדיקט אַלס „איד“ אָדער „אידן־שקלאַף“.

דעם 7־טן אָקטאָבער 1935 ענדיקט, צום בײַשפּיל, דער בערלינער „אידנקענער“ אַ קריגס־אַרטיקל מיט אַזאַ דראָונג:

„ווען אַ אידנשקלאַפישע פרעמדע אַרמיי וועט אַרויפטרעטן אויף דײַטשלאַנדס באָדן, וועלן אירע טריט גיין איבער די קערפּערס פון געטויטע העברייער“.

אויפן פאַל פון אַ מילכאָמע ווערן די אידן אין דער דריטער אימפּעריע שוין איצט פּראָקלאַמירט אַלס אָרוועס־לייט, וואָס זייער לעבן שטייט זיכער אין קאָן, ווייל געוויס וועלן דאָך פרעמדע אַעראָפּלאַנען „אַרויפטרעטן“ אויף דער דײַטשישער טעריטאָריע.

שוין איצט שטרעבט מען אויסצושעכטן די אידן אין פאַל, אויב די מילכאָמע וועט אויסברעכן, נאָך איידער עס וועלן אויסגעראָטן ווערן די לעצטע רעשטלעך פון דער אידישער באַפעלקערונג אין דײַטשלאַנד.

# די באַדייטונג פון די נירנבערגער געזעצן

די געזעצן, וואָס זיינען פּראָקלאַמירט געוואָרן אין נירנבערג, זיינען איינע פון די  ו י כ ט י ק ס ט ע  עטאַפּן אין דעם דאָזיקן קאַמפּ. אָפנעמענדיק פאַקטיש די מעלוכע־בירגערשאַפט, פאַרוואַנדלען די דאָזיקע געזעצן די אידן אין פאַריער; דער פאַרבאָט צו הייראַטן מיט „אַרישע“ פרויען שטעלט זיי פאָר אַלס מינדערוווערטיקע עלעמענטן, און דער פאַרבאָט צו באַשעפטיקן פרויען אינגער פון 45 יאָר אַלס אָנגעשטעלטע, שטעלט זיי פאָר אַלס פאַרברעכערישע עלעמענטן. די נירנבערגער געזעצן דערהויבן די רעכטלאָזיקייט פון דער אידישער באַפעלקערונג צו אַ געזעץ, און די אויספירונג־באַשטימונגען, וואָס דאַרפן נאָך פאַרעפנטלעכט ווערן, וועלן זיין אויסנאַם־באַשטימונגען, וואָס מאַכן צונישט די לעצטע לעבנס־מעגלעכקייטן, וועלכע זיינען נאָך פאַרבליבן פאַר די אידן.

# די נירעמבערגער געזעצן

## דער געזעץ װעגן אימפּערישער בירגערשאַפט

פון 15־טן סעפּטעמבער 1935

דער רײַכסטאַג האָט אײנשטימיק אָנגענומען דעם פאָלגנדיקן געזעץ, װאָס װערט דאָ פאַרעפנטלעכט:

§ 1

(1) מעלוכע-אָנגעהעריקער איז דער, װאָס געהערט צום שוץ-פאַרבאַנד פון דער דײַטשישער אימפּעריע און איז אים דערפאַר באַזונדערס פאַרפליכטעט.

(2) די מעלוכע-אָנגעהעריקײט װערט דערװאָרבן לױט די פאָרשריפטן פונעם געזעץ װעגן אימפּערישער און מעלוכישער אָנגעהעריקײט.

§ 2

(1) אַן אימפּערישער בירגער איז נאָר דער מעלוכע־אָנגעהע-ריקער פון דײַטשישן אָדער קרובֿישן בלוט, װאָס װיל און קאָן

דינען טריי דעם דייטשישן פאָלק און דער דייטשישער אימפּעריע.

(2) דאָס רעכט פון אימפּערישער בירגערשאַפט ווערט דער־וואָרבן דורך באַקומען אַ שיין פון אַן אימפּערישן בירגער.

(3) דער אימפּערישער בירגער איז דער איינציקער טרעגער פון אַלע פּאָליטישע רעכט אַפן סמאַך פון די געזעצן.

## § 3

דער אימפּערישער אינערן-מיניסטער וועט אַרויסגעבן — לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיט דעם פירערס שטעלפאַרטרעטער — די נוי־טיקע געזעצגעברישע און אַדמיניסטראַטיווע פאָרשריפטן צו דורכ־פירן און דערגענצן דעם דאָזיקן געזעץ.

נירנבערג, 15 סעפּטעמבער 1935.

אַפן רייכספּאַרטיי־ראַט פון דער פרייהייט.

דער פירער און אימפּערישער קאַנצלער

אדאָלף היטלער

דער אימפּערישער אינערן־מיניסטער

פריק

# דער געזעץ צו שיצן דאָס דייטשישע בלוט און די דייטשישע ערע

פון 15־טן סעפּטעמבער 1935

דורכגעדרונגען מיטן באַוואוטזיין, אַז די ריינקייט פון דייטשישן בלוט איז די פאָרויסזעצונג פאַר דער ווייטערדיקער עק־זיסטענץ פון דעם דייטשישן פאָלק, און באַגייסטערט מיטן אומבויגע־וואַקלטן ווילן צו זיכערן די צוקונפט פון דער דייטשישער נאַציע

אַף אייביק, האָט דער רייכסטאַג איינשטימיק אָנגענומען דעם פאָל־גנדיקן געזעץ, וואָס ווערט דאָ פאַרעפנטלעכט:

§ 1

(1) כאַסענעס צווישן אידן און מעלוכע-אָנגעהעריקע פון דייטשישן אָדער פון קרויוווישן בלוט זיינען פאַרבאָטן. כאַסענעס וואָס אַנטשפּרעכן ניט דער דאָזיקער באַשטימונג, זיינען ניט גילטיק אַפילע אויב זיי זיינען פאָרגעקומען אין אויסלאַנד.
(2) אַרויסטרעטן קעגן דער גילטיקייט פון אַזעלכע כאַסע־נעס קאָן נאָר דער פּראָקוראָר.

§ 2

דער פאַרקער צווישן אידן און מעלוכע־אָנגעהעריקע פון דיי־טשישן אָדער פון קרויווישן בלוט אויסער דער הייראַט איז פאַר־באָטן.

§ 3

אידן טאָרן ניט באַשעפטיקן אין זייער שטוב-ווירטשאַפט קיין מעלוכע־אָנגעהעריקע פרויען פון דייטשישן אָדער פון קרוי־ווישן בלוט, אינגערע פון 45 יאָר.

§ 4

(1) אידן איז פאַרבאָטן אַרויסצושטעלן דעם אימפּערישן און דעם נאַציאָנאַלן פלאַג און דעם צייכן פון נאַציאָנאַלע קאָלירן.
(2) דערפאַר איז זיי דערלויבט דער צייכן פון די אידישע קאָלירן. דאָס אויסנוצן דאָס דאָזיקע רעכט געפינט זיך אונטער דער שוץ פון דער מעלוכע.

§ 5

(1) ווער עס ברעכט דעם פאַרבאָט פונעם פּאַר. 1, ווערט באַשטראָפט מיט טורמע.

(2) אַ מאַנסבל, וואָס האָט געבראָכן דעם פאַרבאָט פונעם פּאַר. 2 ווערט באַשטראָפט מיט אַרעסט אָדער מיט טורמע.

(3) ווער עס ברעכט די באַשטימונג פון די פּאַראַגראַפן 3 אָדער 4, ווערט באַשטראָפט מיט אַרעסט ביז 1 יאָר און מיט געלט-שטראָף אָדער מיט איינער פון די דאָזיקע שטראָפן.

§ 6

דער אימפּערישער אינערן-מיניסטער וועט אַרויסגעבן — לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיט דעם פירערס שטעלפאַרטרעטער און דעם אימפּערישן יוסטיץ-מיניסטער — די נויטיקע געזעצגעבערישע און אַדמיניסטראַטיווע פאָרשריפטן צו דורכפירן און דערגענצן דעם דאָזיקן געזעץ.

§ 7

דער געזעץ טרעט אַריין אין קראַפט אָף מאָרגן נאָך דער פאַרעפנטלעכונג, דער פּאַר. 3 — ערשט דעם 1-טן יאַנואַר 1936.

נירנבערג, 15 סעפּטעמבער 1935.

אפן רייכסטאַג־טאג פון דער פרייהייט.

דער פירער און דער אימפּערישער קאַנצלער

א ד אָ ל ף ה י ט ל ע ר

דער אימפּערישער אינערן־מיניסטער

פ ר י ק

דער אימפּערישער יוסטיץ־מיניסטער

ד. ג ע ר ט נ ע ר

דעם פירערס שטעלפארטרעטער

ר. ה ע ס

אימפּערישער מיניסטער אָן אַ פּאָרטפעל

# ווי מוזן אויסשטאַרבן

שוין די פאָלקסציילונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין יוני 1933, איינוקע כאַדאָשים נאָך דעם, ווי דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם איז געקומען צו דער מאַכט, ווייזט די רעזולטאַטן פון דעם טעראָר אין דאָרף און אין די קליינע שטעט. דאָ ווערט פעסטגעשטעלט די פאַרמינערונג פון דער אידישער באַפעלקערונג, זינט דער לעצטער פאָלקסציילונג אין יאָר 1925. אין די באַרעכענונגען ווערן באַזונדערס אויסגעטיילט די גע־מיינדעס, וואָס פאַרמאָגן מער ווי 10 טויזנט איינוואוינער, און די גע־מיינדעס, וואָס פאַרמאָגן ווייניקער ווי 10 טויזנט איינוואוינער. ביכלאַל באַטרעפט די פאַרקלענערונג פון דער אידישער באַפעלקערונג 11,5 פראָצענט, אָבער אין די קליינע געמיינדעס — 17 פראָצ. אסאך גרעסער איז די פאַרקלענערונג אין די פאַרשיידענע טיילן פונעם לאַנד, וואו דער אַנטיסעמיטישער טעראָר און פריער פאַר אַלץ דער בויקאָט האָט באַ־זונדערס שאַרף געבושעוועט. צום ביישפיל, די אידישע באַפעלקערונג אין די קליינע געמיינדעס פון אויבער־בייערן האָט זיך פאַרקלענערט אַף 31,8 פראָצ., אין די קליינע אישווים אין דער געגנט פון ברעמען — אַף 35,1 פראָצ., אין די קליינע אישווים פון נידער־שלעזיע — אַף 35,3 פראָצ., אין די קליינע אישווים פון אנהאלט — 41,2 פראָצ., אין די קליינע געמיינדעס פון מעקלענבורג — אַף 45,2 פראָצ. דאָס זייַנען די רעזולטאַטן פון פינף כאַדאָשים היטלער־רעגירונג — איצט איז דער גרעסטער טייל פון די דאָזיקע געגנטן אינגאַנצן „אידנריין".

אַ דערשיטערנדיק בילד גיבן די ציפערן, וועלכע עס האָט פאַר־עפנטלעכט דער מאַנהיימער דאָקטער בורכסאלער. אין מאַנהיים האָבן געלעבט באַ אַ דריטל פון די אידן פון דער פראָווינץ באַדען. כאָטש אין באַדען זיינען די אידן אויך אַנטלאָפן פון די דערפער אין די גרויסע שטעט, איז די צאָל פון די מאַנהיימער אידן צום 1־טן יולי 1934 קלע־נער אַף 22 פראָצ. איידער באַ דער פאָלקסציילונג אין יאָר 1925. די ווירטשאַפטלעכע נויט ברענגט דאָ צו דערשיינונגען פון אויסשטאַרבן. איבער אַ העלפט פון דער מאַנסבלשער אידישער באַפעלקערונג און אי־בער צוויי פינפטל פון דער אידישער פרויען־באַפעלקערונג זיינען אומ־

פאַרהייראַט. די אַלגעמיינע צאָל פון די פאַרהייראַטע (42 פראָצ.) איז קלענער איידער די צאָל פון די אומפאַרהייראַטע (47,8 פראָצ.). אפילע אין עלטער פון 35—40 יאָר איז אַ העלפט פון די מענער אומפאַרהיי־ראַט. בא אַן אומזיכערער צוקונפט און באַם שטענדיקן עלנט ריזיקירן זיי ניט צו הייראַטן. צווישן די מאַנהיימער אידן איז געווען צו דער פֿאָלקסציילונג 366 מאַן איבער 70 יאָר, אָבער ניט מער ווי 181 קינדער אינגער פון 5 יאָר.

אין פראַנקפורט־אַם־מיין איז די צאָל געבורטן אין די אידישע פאַ־מיליעס פאַרקלענערט געוואָרן פון 107 אין יאָר 1933 ביז 67 אין יאָר 1934. די צאָל טויטפאַלן האָט באַטראָפן קימאַט פינף מאָל אַזויפיל: 314, און פון דעם איז אין 14 פאַלן אָנגעוויזן געוואָרן זעבסטמאָרד אַלס די סיבע פון טויט.

די ראָזיקע ציפערן שטאַמען פון אַזאַ צייט, ווען אויסלאַנד איז גע־ווען גענייגט צו גלויבן, אַז די רעדיפֿעס אויף אידן וועלן ביסלעכווייז אויפֿ־הערן, ווייל די צענזור און שאַנטאַזש־מאַנעווערן קעגן די אידישע פאַ־מיליעס, וואָס וואוינען נאָך אין דייטשלאַנד, האָבן ניט דערלאָזן אין דער וועלט־פרעסע קיין גענויע יעדיעס וועגן דעם טעראָר. אין דער ווירק־לעכקייט זיינען שוין די בלוטיקע רעפרעסיעס צו יענער צייט געווען דערגאַנצט מיטן קאַלטן פאָגראָם, מיטן פּאָגראָם, וועלכן עס פירט דורך די היטלערישע מעלוכע, און וועלכער איז אריינגעדרונגען אין יעדן לע־בנס־געביט פון דער אידישער באַפעלקערונג.

אין דעם ראָזיקן בוך ווערט דערציילט, ווי אַזוי עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן די סטראַטעגישע צוגרייטונג צום פּאָגראָם, ביז מע האָט אים דורכגעפירט איבער גאַנץ דייטשלאַנד, ווי אַזוי די מעטאָדן וואָס זיינען צוערשט אויסגעפרואווט געוואָרן אין פראַנקען, אין שטרייכערס מוסטער־לאַנד, זיינען אָנגעווענדעט געוואָרן אין דער גאַנצער אימפעריע, ווי אַזוי צום „לעגאַלן" מאָרד אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אין די טורמע־קאַמערן זיינען צוגעקומען „אומלעגאַלע" נאַכט־איבערפאַלן אויף די אידי־שע קוואַרטאַלן.

דאָס זיינען ניט קיין „עקסצעסן"!

עס איז א קאַלט־באַטראַכטע, ציניש־באַרעכנטע האַריגע פון א שוצ־לאָזער מינדערהייט.

די מערדער זיינען ניט דאָס דייטשישע פאָלק. ניט דאָס דייטשי־שע פאָלק שטייט אויף „קעגן דעם אידישן בלוטזויגער", ווי דאָס באַ־הויפּטן די האַקנקרייץ־דיקטאַטאָרן. אפילע איצט, נאָך זייער קימאַט דריי יאָריקער טיראַניע דאַרף מען נאָך פירן די סאַמע אומגעהייערע העצע, קעדיי צו שאַפן שטימונג פאַרן פּאָגראָם, וואָס איז באַפוילן פון אויבן. נאָך איצט געפינט מען טאָגטעגלעך אין דער אוניפיצירטער פּרעסע א בונטן געמיש פון קלאָג און דראָונגען קעגן די „אידן־פריינט", וואָס גע־פינען זיך נאָך אַלץ אין אַלע קרייזן פון דער דייטשישער באַפעלקערונג. און די פאַרפאָלגטע אידן אַליין זאָגן איידעם וועגן אויסדרוקן פון סאָ־לידאַריטעט מיצאַד די אויך פאַרפאָלגטע און אונטערדריקטע מאַסן. די דאָזיקע מאַסן זעען ניט אין אין דעם אידן דעם „וועלט־פיינט", דעם פאַראַזיט, ווי דאָס ווילן די ווירקלעכע פאַראַזיטן און פאַרגוואַלטיקער פון דייטשלאַנד. זיי ווייסן, אַז דער עמעסער פיינט איז דער ברוינער רע־זשים, אָט די סיסטעם, וואָס פריידיקט דעם טעראָר, סאַנקציאָנירט אים און ווענדעט אים אָן מיט נאָך קיינמאָל ניט געהערטער קראַפט.

# דאָס יאָר 1933 — דער בלוטיקער פאָרשפּיל

## די פּאָליטיק פון לייקענען

אין מערץ 1933, ווען די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט איז אויפגעשוידערט געוואָרן פון די בלוטיקע אכזאָריעסדיקע מאַיסים, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד, האָט היטלער אָנערקענט בלויז אַז עס זיינען פאָרגעקומען „אומפאַרמיידלעכע צוזאַמענשטויסן צווישן קליינע גרופּן פּאָליטישע קעגנער". גערינג האָט געמוזט מודע זיין, אַז עס האָבן פּאַסירט „אומאָרדענונגען", און ווען דער וועלט־פּראָטעסט איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער, האָט די רעגירונג ענדלעך געמוזט דערקלערן די רעדיפעס אַף אידן אַלס „עקסצעסן" און אַפילו „טאַדלען" זיי. דער דאָזיקער מעטאָד איז שפּעטער אָנגעווענדעט געוואָרן אָפּט. צוערשט זיינען מיליאָנען שטורמאָוויקעס אויפגעהעצט געוואָרן און צערייצט געוואָרן ביז שיגאָען צו פאַרווירקלעכן די פּאַרטיי־פּראָגראַם און היטלערס געבאָט אין זיין בוך „מיין קאַמף":

„און ווידער דאַרף טאַקע די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע באַוועגונג אויספירן איר קאָלאָסאַלע אויפגאַבע:

„זי מוז דעם פאָלק עפענען די אויגן אַף די פרעמדע אומעס און שטענדיק ווידער ווייזן דעם עמעסן פיינט פון אונדזער איצ־

טיקער וועלט — דעם אידן. אַנשטאָט דעם האַס קעגן אריער... מוז זי איבערגעבן צום אַלגעמיינעם צאָרן, אַלס דעם וויהקלעכן שולדיקן אין אַלע ליידן, דעם בייזן פיינט פון דער מענטש־הייט" („מיין קאמף", ז. 724).

אַט דער זאַץ איז איבערגעכאַזערט געוואָרן אַף טויזנטערליי אויפאַ־ניט, אַף טויזנטערליי אויפאַנים איז געפּריידיקט געוואָרן דער „באַפריי־אונג־קאַמף", און יעטווידעס מיטל, וואָס קאָן אים דינען, איז פאָרויס אַנערקענט געוואָרן אַלס גוט. דעריבער איז עס ניט מער ווי אַ מיעסע קאָמעדיע, ווען די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן אַלס רעגירונג „טאַדלען" די פּאָגראָמען, וועלכע זיי אַלס פּאַרטיי־פירער, גרייטן צו און רופן אַליין אַרויס. דער וועלט־פּראָטעסט האָט שפּעטער גאָר אָפט געצוואונגען די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן און די דייטשישע אימפּערישע רעגירונג צו ענ־דערן די מעטאָדן פון דער אויסראָטונג פון דער אידישער באַפעלקערונג. דעם 16־טן יולי 1935, ווען עס איז פאָרגעקומען דער פּאָגראָם אין בער־לין אַף קורפירסטנדאַם, האָט דאָס די מעלוכע־פּאָליציי דערקלערט אַלס אַן אַקט פון „פינצטערע עלעמענטן, וואָס גלויבן, אַז אַף אַזאַ אויפן וועלן זיי אומבאַשטראָפט דערגרייכן זייערע מעלוכע־פיינטלעכע צילן און וועלן דורך אומרועז דיסקרעדיטירן די מעלוכע און די באַוועגונג". און דעם זעלבן טאָג (דעם 27־טן מערץ 1933), ווען היטלער האָט דערקלערט דורך זיין פּרעסע־שעף האַנפשטענגל, אַז אַלע יעדיעס וועגן רעדיפעס אַף אידן זיינען אַ „גראָבער ליגן", טיילט מיט דער „מאַנטשעסטער גאַרדיאַן":

„די ערנסטע עקסצעסן זיינען פאָרגעקומען דאָ, אין בערלין, דעם 9טן מערץ. דער גרעסטער טייל פון די קאָרבאָנעס זיינען איינוואוינער פון דער גרענאדיר־שטראַסע. די ברוינע העמדלעך האָבן געשלאָגן אַ סאַך אידן, ביזוואַנען יענע איז דאָס בלוט געראָ־נען איבערן קאָפּ און פּאָנעם. אַ סאַך אידן זיינען געפאַלן כאַלאָשעס און געבליבן ליגן אַף דער גאַס, ביזוואַנען פריינט אָדער באַקאַנטע האָבן זיי אויפגעהויבן און געבראַכט אין שפּיטאָל.

די ברוינע העמדלעך האָבן געאַרבעט אין אָטריאַדן פון 5 ביז 30 מאַן, און אָפט פלעגט זיך אַ גאַנצע אָפּטיילונג אַרויפוואַרפן אַף איין מענטשן. פיל פון זיי האָבן געטראָגן אַף די אַרבל די זעל־

בע לענטעס, וועלכע עס טראָגן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע מיט־גלידער פֿון דער געהילף־פּאָליציי.

צוועלף מענטשן אין מונדירן האָבן זיך אַריינגעריסן אין הויז פֿונעם ה' נ., האָבן צוגענאָמען פֿיל טויזנטער מאַרק און האָבן געשלאָגן אים, זיין פֿרוי און זיין זון אַזוי לאַנג, ביז אַלע דריי זיינען געוואָרן פֿאַרבלוטיקט און פֿאַרוואונדעט. (די נעמען, די אַד־רעסן און די גענויע סומע ווייסט אייער קאָרעספּאָנדענט).

אין אָוונט דעם 15־טן מערץ האָבן די ברוינע העמדלעך אַרעסטירט אין קאַפֿע ניו־יאָרק דריי אידן און האָבן זיי אַוועקגע־שלעפּט אין אַן אויטאָמאָביל (אייער קאָרעספּאָנדענט ווייסט דעם נומער) אין דעם לאָקאַל פֿון די שטורמאָוויקעס אויף דער וואַלנער־טעאַטער־שטראַסע. דאָרט האָט מען בא זיי צוגענומען פֿילע הונ־דערטער מאַרק (דאָ איז אויך באַוואוסט די גענויע סומע) און מען האָט זיי בלוטיק געשלאָגן מיט גומי־שטעקנס, נאָכדעם האָט מען זיי אַרויסגעוואָרפֿן קימאַט אין אָנמאַכט אויף דער גאַס.

דעם זעלבן טאָג האָט מען 4 אידן פֿאַרשלעפּט אין אַ לאָקאַל פֿון די שטורמאָוויקעס אין דער שילינג־שטראַסע, מע האָט בא זיי צוגענומען 400 מאַרק און בלוטיק געשלאָגן, ביזוואַנען זיי זיי־נען געפֿאַלן אין אָנמאַכט. הונדערטער אידן האָט מען געשלאָגן, אָבער קיינער פֿון זיי וועט ניט וואַגן צו רעדן וועגן דעם עפֿנטלעך אָדער צו באַקלאָגן זיך, אַניט שטייט ער אין געפֿאַר ווידער צע־שלאָגן צו ווערן".

נאָר אַ קליינער טייל פֿון די אַכזאָריעסן און רעדיפֿעס, וואָס די אידן אין דייטשלאַנד זיינען דעמאָלט אויסגעשטאַנען, זיינען באַוואוסט געוואָרן אין אויסלאַנד. די צענזור און די דראָונגען קעגן די פֿאַמיליע־מיטגלידער פֿון די קאָרבאָנעס האָבן געמאַכט פֿאַר אומעגלעך צו באַקו־מען אַ פֿולשטענדיק בילד פֿון די גוואַלדטאַטן אין דעם פּעריאָד פֿון יאָר 1933 ביז 1935. אַ רעשימע פֿון די אידן, וואָס זיינען דערהאַרגעט גע־וואָרן אין די ערשטע באַדאַשים פֿונעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן רע־זשים, פֿאַרצייכנט 65 נעמען — און ס'איז גאָר קיין ספֿק ניט, אַז די דאָזיקע רעשימע איז ביז גאָר ניט פֿולקאָם.

# דער טעראָר ווערט געזעץ

באַ די רעדיפעס האַנדלט זיך ניט וועגן עקסצעסן, נאָר וועגן אַ פּלאַנמעסיקער אויסראָטונג פון די אידן, וואָס וואוינען אין דייטשלאַנד. די ערשטע אַנטיסעמיטישע געזעצן זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דעם 7טן אַפּריל 1933, נאָכדעם, ווי אין דער פּראָווינץ זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן זינט היטלערס קומען צו דער מאַכט, נאָכאַנאַנדיקע בלוטיקע אָנפאַלן אויף דער פרידלעכער אידישער באַפעלקערונג.

אַ שטייגער די „פראַנקפורטער צייטונג" טיילט מיט דעם 10־טן מערץ 1933:

„אין ברעסלוי האָט זיך היינט צו מיטיק־צייט אַריינגעריסן אַ גרויסע אָפּטיילונג שטורמאָוויקעס אין דער געביידע פון דעם אַמט־געריכט און לאַנד־געריכט. מיט אויסגעשרייען „אידן אַרויס!" זיינען געעפנט געוואָרן אַלע אַמט און זיצונג־צימערן, און די אידישע אַד־וואָקאַטן, ריכטער און פּראָקוראָרן זיינען געצוואונגען געוואָרן טיי־קעף צו פאַרלאָזן די געביידע. אין די קאָרידאָרן און אין די זאַלן האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויסערסט סקאַנדאַליעזע סצענעס. דאָס אַד־וואָקאַטן צימער איז אָפּגערייניקט געוואָרן אין עטלעכע מינוט, און די אידישע אַדוואָקאַטן האָבן פאַרלאָזן די געריכט געביידע; אייניקע פון זיי האָבן אַפילע ניט געקאָנט מיטנעמען מיט זיך די מאַנטלען. די באַטראַכטונג פון צאָלרייכע געריכט־פּראָצעסן האָט געמוזט אי־בערגעריסן ווערן".

דעם 19־טן מערץ דריקט אויס דער „פעלקישער בעאָבאַכטער", דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פון דער רעגירונג, זיין וואונטש, אַז דער דאָזיקער מעטאָד זאָל אויך אָנגע־ווענדעט ווערן אין בערלין:

„אין דער צייט, ווען אין ברעסלוי איז געמאַכט געוואָרן כאָטש אַ גאַנץ באַשיידענער אָנפאַנג פון אַ רייניקונג קאַמפּאַניע, האָט זיך אין די בערלינער געריכטן נאָך גאָרנישט ניט געענדערט. ווער עס קומט אַריין אין אַדוואָקאַטן־צימער אינעם אַמט־געריכט אין צענטער פון דער נייער פרידריך שטראַסע, מוז אַנטלויפן אין שרעק. מער

אידן קאָנען ניט אַרומווימלען אפילע אין קראַקעווער געטאָ. פונקט אזא בילד איז אויך אין די ציוויל־אַפטיילונגען. איבעראַל הערט מען אַ אידיש־דייטש רעדן, אז די שויבן קלינגען אזש. די זעלבע לאַגע הערשט אויך אין מאַאביטער קרימינאַל־געריכט... ווי לאַנג וועט נאָך מאַאביט גילטן אַלס ניי־יערושאַלאַים אין דער יוסטיץ אונטער דער פירונג פון די הערן טינעס, דראַנספעלד, לינהאָרסט, זעלינג־זעליגסאָן בעכער־בערנאַו א. אַ. וו., מע דאַרף האָפן, אז דאָ וועט דער אייזער־נער בעזעם אויך ניט לאָזן וואַרטן אַף זיך צו לאַנג!"

צוערשט האָט מען די דאָזיקע אויפאָדערונג געפאָלגט אין דער פּראָווינץ. אין בערלין האָט זיך נאָך ניט איינגעפונען קיין „אויפגעבראַכטער האַ־מוין מענטשן" אַרויסצוואַרפן די אידישע ריכטער און אַדוואָקאַטן פון זייערע שטעלעס. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּרעסע מוז אין די לעצ־טע טעג פון כוידעש מערץ פירן די סאַמע ווילדע העצע, אָפיציעל אויפאָ־דערן צו בויקאָטירן אַלע אידישע געשעפטן, אויסטראַכטן אַף די אידישע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן די סאַמע אומפאַרשעמטע בילבולים, ביזוואַ־נען דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן אין בערלין אויך. דעם 31־טן מערץ, ערעוו דעם אָפיציעלן בויקאָט טאָג, מעלדעט דער בערלינער „אַכט־אור אַבענד בלאַט":

„היינט פאַר מיטיק איז אַ גרויסער האַמוין מענטשן אַריינגע־דרונגען אינעם אַמט־געריכט בערלין־צענטער און אין לאַנד־געריכט 1 און האָט שטורמיש געפאָדערט טייקעף אַראָפּזעצן די אידישע ריכטער. אין דער זעלבער צייט זיינען די אידישע אַדוואָקאַטן אויפ־געפאָדערט געוואָרן צו פאַרלאָזן דעם געריכט. פאַרן אַמט־געריכט בערלין־צענטער זיינען אָנשטאָט די אידישע ריכטער באַשטימט גע־וואָרן אַנדערע ריכטער, און פאַרן לאַנדגעריכט 1 איז פאַראָרדנט געוואָרן, אז אַסעסאָרן זאָלן צייטווייליק אַרבעטן אָנשטאָט די אידי־שע ריכטער. די אידישע ריכטער און אַדוואָקאַטן האָבן דעריבער פאַרלאָזט די געביידעס פונעם געריכט, צווישן זיי אויך דער פאָרזי־צער פונעם לאַנדגעריכט 1 זעלינג".

אין עטלעכע טעג אַרום באַשטימט דער פּרייסישער יוסטיץ־מיניס־טער, קערל, אויסצושליסן די אידישע ריכטער און אַדוואָקאַטן, אין עט־

לעבע וואָכן אַרום דערשיינט דער געזעץ וועגן דער ענדגילטיקער באַזייטיקונג פון די אידישע ריכטער און וועגן ניט צולאָזן אידישע אַדוואָקאַטן. איצט ווערט קלאָר, וואָס געבעלס האָט געמיינט אין זיין ראַדיאָ רעדע פון 31־טן מערץ 1933, ווען ער האָט דערקלערט: „מיר ווילן ניט קיין שום אומגעזעצלעכקייט. דאָס וואָס עס שפּילט זיך איצט אָפּ אין דייטשלאַנד, ווערט דורכגעפירט ווערן אין רו, אָרדענונג און דיסציפּלין".

דער רעצעפּט איז אַזאַ: צוערשט אָרגאַניזירט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איר פּרעסע, און די שטורמאָוויקעס דעם „פאָלקס־צאָרן" און די געוואַלט־אַקטן. דאַן ווערט געזיכערט „די אָרדענונג". די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע מאַכט־אָרגאַנען מישן זיך אַריין, — אָבער ניט קעגן די געוואַלט־טוער, נאָר קעגן זייערע קאָרבאָנעס. צום סאָף קומט אַ געזעץ, וואָס סאַנקציאָנירט דעם טעראָר, דער געוואַלט־אַקט באַקומט די קראַפט פון רעכט.

## דער „פּאַרטיידיקונג-קאַמף"

די ערשטע עקסצעסן האָבן איבערגעלאָזן נאָך זיך אַן איימע, אַן אומקלאָרע שרעק, אַ מוירע פאַר מעסירעס. עס האָבן צירקולירט די סאַמע ווילדע יעדיעס: דאָס ערגסטע דאַרף נאָך ערשט קומען! גאַנצע פּערצן יאָר האָבן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן אונטערגעהעצט אָן אַ שיר זייערע אָנהענגער, האָבן זיי צוגעזאָגט אויף טויזנטערליי אויפאַנים אַ בלוטיקן טריאומף און דעריקער — אַלע שטעלעס וואָס אידן און מאַרקסיסטן האָבן פאַרנומען. מען האָט געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דער פאַרניכטונג פון דער אידישער קאָנקורענץ.

פון מאַירעוו־דייטשלאַנד זיינען געקומען די ערשטע יעדיעס, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן, ווי אומגעדולדיק די שטורעם־אָפּטיילונגען וואַרטן אויף דער פאַרווירקלעכונג פון די צוזאָגן, וועלכע היטלער האָט זיי געגעבן פאַרן איבערנעמען די מאַכט. דעם 10טן מערץ האָבן די שטורעם־אָפּטיילונגען אין קאַסעל פאַרנומען דאָס האַנדלס־הויז טיץ, האָבן טעראָריזירט און פּאָטאָגראַפירט די קונדן. דעם זעלבן טאָג האָבן זיי אין עסען, באָטאָרף און אין מילהיים־רור ניט געלאָזן די באַפעלקערונג באַזוכן די אידישע געשעפטן. די אידישע פירמעס האָבן זיך געמוזט פאַרמאַכן, און

א נאציאנאל־סאציאליסטישער קאמוניקאט האט דערקלערט, „אז די נא־ציאנאל־געשטימטע באפעלקערונג וויל מער בעפיירעש ניט דולדן די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון די אידישע האנדלס־הייזער און פון די אידישע גרויסע געשעפטן". גלייכצייטיק זיינען אין בערלין פארגעקומען דעמאנ־סטראציעס קעגן אידישע פירמעס. דעם 11טן מערץ איז געקומען די רייע אף האמבורג און ברעסלוי, דעם 13טן מערץ אף פראנקפורט־אם־מאין און קארלסרוע. דעמאלט האט זיך אפגעשטעלט די אינפארמאציע פון דער דייטשישער פרעסע...

דאס פלוצלינגדיקע שווייגן איבער דער „אידן פראגע" לאזט זיך דערקלערן מיט דעם וועלט־פראטעסט, וועלכן עס האבן ארויסגערופן די ערשטע יעדיעס וועגן די פאגראמען און רעציכעס.

דעם 31־טן מערץ, ווי ס'האט געמאלדן די אפיציעלע דייטשישע אינפארמאציע־ביורא, האט היטלער אפגעהאלטן א פיל־שאיקע בעראטונג מיט געבעלסן וועגן דעם „פארטיידיקונג־קאמף קעגן דער אינטערנאציא־נאלער אידישער גרויל און בויקאט־העצע". די דאזיקע קלוימערשטע הע־צע איז באשטאנען אין דער אינפארמאציע פון דער וועלט פרעסע וועגן דעם, וואס עס איז אין דייטשלאנד ווירקלעך געשען. די בויקאט־באוועגונג פון אויסלאנד איז געווען ניט מער ווי אן אויסדרוק פון דעם נאטירלעכן ווידערשטאנד פון דער קולטורעלער וועלט קעגן דעם בארבאריזם פון דעם רעזשים פון די נאציאנאל־סאציאליסטן. די דייטשישע אידן זיינען געווען אונטערן שטארקסטן דרוק און האבן ניט געקאנט נעמען קיין שום אנטייל אין דעם וועלט־פראטעסט, — אבער אף זיי איז אויסגעגאסן געווארן דער ארגאניזירטער „פאלקס צארן". קעגן זיי איז עס פראקלאמירט גע־ווארן דער פארניכטונג־קאמף. קעגן די דאזיקע 500 טויזנט שוצלאזע מאנסבילן, פרויען און קינדער איז געלאזן געווארן אין גאנג די ארגאני־זירטע, אויפגעהעצטע און פון קאפ ביז די פיס באוואפנטע ארמיי פון שטורמאוויקעס.

## אפענער טעראר

די פארטיי אנפירונג באפעלט, און די רעגירונג „דולדעט". זי „דול־דעט" די „מאסמיטלען" קעגן די דייטשישע אידן, ווייל די אויסלענדישע

רעגירונגען פאַרבאָטן ניט זייערע ציַיטונגען צו זאָגן דעם עמעס. די פּאָ־ליציי באַקומט אַ באַפעל צו שטיין אָן אַ זייט און ניט געבן קיין שום הילף די אידן, וואָס ווערן פאַרפאָלגט פון די באַנדעס שטורמאָוויקעס.

דעם 29טן מערץ דערשיינט אויף אַלע אַפישן־סלופּעס אַזאַ אויפרוף פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פאַרטיי־אָנפירונג:

„דייטשישע פאָלקס־כאַווײרים, דייטשישע פאָלקס־כאַווערטעס! די שולדיקע אין דעם אומזיניקן פאַרברעכן, אין דער גרויל־און בויקאָט־העצע זיינען די אידן אין דייטשלאַנד. זיי האָבן זייערע ראַסן־כאַווײרים אין אויסלאַנד אויפגעפאָדערט צום קאַמף קעגן דעם דייטשישן פאָלק. זיי האָבן דאָס פאַרשפּרייט די ליגנס און די רעכילעס. דעריבער האָט די אימפּערישע אָנפירונג פון דער דייטשישער פרייהייט־באַוועגונג באַשלאָסן, אַלס פאַרטיידיקונג קעגן דער פאַרברעכערישער העצע, שאַבעס, דעם 1־טן אַפּריל 1933, 10 אַזייגער אינדערפרי, מעלדן אַ בויקאָט פון אַלע אידישע געשעפטן, האַנדל־הייזער, קאַנצעלאַריעס א. אַ. וו. דורכפירן אָט דעם בויקאָט — דערצו רופן מיר אייך, דייטשישע פרויען און מענער! קויפט ניט אין אידישע געשעפטן און האַנדל־הייזער! גייט ניט צו אידי־שע אַדוואָקאַטן! מיידט אויס אידישע דאָקטוירים! ווייזט די אידן, אַז מע וועט זיי ניט לאָזן אָפּמבאַשטראָפט מאַכן דייטשלאַנד צו שאַנד! ווער עס טרעט אַרויס קעגן דער דאָזיקער אויפאָדערונג, באַווייזט דערמיט, אַז ער שטייט אויף דער זייט פון דייטשלאַנדס סאָנים".

גלייכצייטיק פאַרעפנטלעכט די פאַרטיי־אָנפירונג אַן אויספירלעכע אינסטרוקציע אין 11 פּאַראַגראַפן וועגן דער אָרגאַניזאַציע פונעם בויקאָט, וועגן דעם, אַז די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס דאַר־פן בילדן אָרטיקע קאָמיטעטן אומעטום, „אַפילו אין דעם קלענסטן דאָרף", אָפּצוהאַלטן „צענדליקער טויזנטער מאַסן־פאַרזאַמלונגען". „מער זאָלט איר קיין איין אידן אַפילו אַ האָר ניט טשעפּען", — איז געשטאַנען געשריבן צום שלוס. באַ די פאַרטרויטע האָט דאָס געקאָנט אַרויסרופן נאָר אַ ביטערן כויזעק־שמייכל, באַ די קאָרבאָנעס — נאָר אָנמעכטיקן צאָרן, — נאָך אַלעם, וואָס עס איז שוין געשען, און באַזונדערס נאָך

אַלעם, וואָס מע האָט געוואוסט וועגן יוליוס שטרייכער, ווען די נאַ־ציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־אָנפירונג האָט איבערגעגעבן די דורכפי־רונג פון דער גאַנצער קאַמפּאַניע.

שטרייכער האָט אָנגעהויבן זיין אַרבעט דעם 30־טן מערץ מיט אַ ווענדונג צו דער פּרעסע:

„איבעריקנס, דער שטיין קייקלט זיך שוין; צ י ד י גרויל־פּראָפּאַגאַנדע וועט אויפהערן צי ניט — דאָס איז קיין אונטערשייד ניט.

די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע פון אויסלאַנד קעגן היטלערן האָט גע־געבן די געוואונטשענע געלעגנהייט, און די קאַמפּאַניע ווערט דורכ־געפירט. עס איז אַ פולקאָמע אילוזיע צו מיינען, אַז די שטורמאָווי־קעס וועלן זיך לאָזן אָפּהאַלטן דערפון. ער, שטרייכער, איז מיט דער אַנטוויקלונג פולשטענדיק צופרידן; דאָס איינציקע, פאַרוואָס ער האָט די פאַריקע וואָכן מוירע געהאַט, איז געווען, אַז דער פאַרניכטונגס־קאַמף קעגן די אידן זאָל נאָר ניט אויפהערן. אין אַזאַ פאַל — דאָס איז זיין פעסטע איבערצייגונג, — וואָלט די נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע אומגעקומען איבער איר אייגענער אומפעיקייט. די דאָזיקע געפאַר איז אָבער איצט ענדלעך און ענדגילטיק באַזייטיקט; מע קאָן זיך אַף אים, אַף שטרייכערן, פאַרלאָזן, אַז קיין האַלבע אַרבעט בענעגייע די אידן וועט ער ניט טאָן".

שטרייכער האָט אָרגאַניזירט זיינע בויקאָט־קאָמיטעטן. עס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן צעטלען פון אידישע פירמעס, דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן. אַ וואָך פון שטורמאָוויקעס איז געשטאַנען פאַר די בויקאָ־טירטע געשעפטן. די שויבן פון די דאָזיקע געשעפטן זיינען באַקלעפּט געוואָרן מיט העץ־פּלאַקאַטן. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן מאַסן־דע־מאָנסטראַציעס, אַנטיסעמיטישע טראַנספּאַראַנטן האָבן זיך באַוויזן אַף די מויערן, אַף מעבל־וואָגנס, אַף פראַכט־אויטאָמאָבילן. פּינקטלעכע אָנ־ווייזונגען זיינען געגעבן געוואָרן פאַר העץ־טעקסטן און אויך וועגן דעם, ווי צו באַקומען אַף די הויצאָעס באַ ניט־אידישע געשעפטסלייט.

מע האָט געאַרבעט „מעטאָדיש", ווי דער פּאַרטיי־פירער האָט זיך שפּעטער אויסגעדריקט.

ערעוו דעם 1־טן אַפּריל, דעם בויקאָט־טאָג, איז די העצע אין דער

פרעסע דערגאַנגען צו דער העכסטער מאַדרייגע. דער „פעלקישער בעאָבּ־אַכטער" איז דערשינען מיט אַ גרויסער איבערשריפט: „שלאָגט דעם וועלט־פיינט!" וועגן די אידן, וואָס האָבן אין דער מילכאָמע געעקספּלטאַטירט... און זיינען געפאַלן פאַר דייטשלאַנד, ווערט געזאָגט:

„וואָס די אידן האָבן געטאָן בעיים דער מילכאָמע, דאָס איז איצט שוין ניט קיין סאָד. אויב אידן זיינען געגאַנגען אױף דער מילכאָמע, האָבן זיי דאָס געטאָן, ווייל די אַלגעמיינע מיליטער־פליכט האָט זיי דערצו געצוואונגען. זיי האָבן דאָס געטאָן געצוואונגענערהייט, ווייל דייטשלאַנד איז ניט זייער פאָטערלאַנד. די איבעריקע אידן האָבן געראַטעוועט זייער לעבן אַלס קריג־ספּעקולאַנטן און קריג־שמוגלערס. ווען די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, האָבן זיך אידישע העצער געשטעלט אין דער שפּיץ פון באַפרייטע קאָטאָרזשניקעס, דעזערטירן און מאַרקסיסטישע מעלוכע־פאַרעטער".

צולעצט ווערט דער אָנפאַל אױף דער שוצלאָזער מינדערהייט פאַר־וואַנדלט ליגנעריש, מיט לעכערלעכן פּאַטאָס אין אַ העראָאישן פּאַרטיי־דיקונגס־קאַמף:

„דאָס וועלט־אידנטום האָט דעם דייטשישן פאָלק געוואָלט טאָן שלעכטס און האָט אים געטאָן אַ טויווע. שאַבעס, דעם 1־טן אַפּריל, 10 אַזייגער אינדערפרי, הויבט זיך אָן די פאַרטיידיקונג־קאַמפּאַניע פון דעם דייטשישן פאָלק קעגן די אידישע וועלט־פאַר־ברעכער. עס הויבט זיך אָן אַ פאַרטיידיקונג־קאַמף. דאָס וועלט־אידנטום האָט געוואָלט קאַמף, — זאָל זיין אַזוי! זאָל דער קאַמף דויערן אַזוי לאַנג, ביזוואַנען דאָס וועלט אידנטום וועט זיך איבערצייגן, אַז דייטשלאַנד פון די ברוינע באַטאַליאָנען איז ניט דייטשלאַנד פון פּאַכדאַנעס און האַכנאָע. דער קאַמף קעגן דעם אידנטום וועט דויערן אַזוי לאַנג, ביזוואַנען דער זיג וועט זיין אונדזערער".

# דער אָפיציעלער בויקאָט

דעם 1־טן אפריל 1933 אינדערפרי, האָבן זיך די שטורמאָוויקעס א לאָז געטאָן איבער די גאַסן פון די דייטשישע שטעט מיט פלאַקאַטן, טעפּ פארב, שטעקנס און רעוואָלווערן. צו 10 אזייגער זיינען די וויט־רינעס פון די אידישע געשעפטן, די שילדן פון די אידישע דאָקטוירים און אדוואקאטן באקלעפּט און באשמירט געוואָרן מיט ריזן־אויפשריפטן: „איד, פייגער!" „קויפט ניט בא אידן!" „אכטונג, לעבנס־געפאַר!" „דעם איד א טויט!" אָדער פּאָשעט און אויסשעפנדיק נאָר דאָס וואָרט „איד"!

שטורמאָוויקעס האָבן געהאַלטן וואַך פאַר די טירן. א סאַך אידישע געשעפטן האָבן זיך ניט געעפנט. אנדערע האָבן זיך גיך פארמאכט. די בערלינער טראַמווייען זיינען געפאָרן מיט פלאגן. די נייע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אדמיניסטראַציע האָט אנטדעקט, אז גראָד דעם טאָג איז הינדענבורגס געבורטס־טאָג, אָבער מאכן פון דער אידן־העצע א פאָלקס־פייערונג האָט זיך ניט איינגעגעבן. שטילשווייגנדיק, אָפט מיט פאַר־וואורף האָבן די פארבייגייער צוגעזען די סצענע.

די ארבעטער האָבן זיך געהאַלטן פונדערווייטנס, האָבן געהאָלפן די קליינהענדלער און זייערע קרויווים. טיילמאָל פלעגט געמאכט ווערן דע־מאָנסטראַטיווע פּרואוון אריינצוגיין אין אידישע געשעפטן. אין פילע פאַלן האָבן „אַרישע" באקאַנטע געגעבן הילף אידישע פאמיליעס.

אין בערלין איז די גאַס אונטער דען לינדן און איר אומגעבונג אויס־געשלאָסן געוואָרן פון בויקאָט; דאָ געפינען זיך די גרויסע האָטעלן, וואו עס שטייען איין אויסלענדער, און די ביוראָען פון דער אינטערנאציאָ־נאַלער פרעסע.

און וואָס איז פאָרגעקומען אין דער פּראָווינץ? די קאמפּאניע „איז דורכגעגאנגען אין פולקאָמער רו, אָן שום שטערונג און אָן שום גוואַלד־טאַטן", האָבן געמאָלדן די אָפיציעלע באריכטן.

אין דיסלדאָרף און אין דארמשטאַט האָבן די אידן ניט באקומען קיין רייזע־פּעסער, אין ברעסלוי און אין קעניגסבערג האָט מען בא זיי די אלטע פעסער אויך אָפּגענומען. דעם 1־טן אפּריל אינאָווענט האָט מען

די אידן אין די גרענעץ-סטאנציעס ארויסגעשלעפּט פון די צוגן און צו־ריקגעשיקט. באלד איז איינגעפירט געוואָרן אין דער גאנצער אימפּעריע אז מע דאַרף האָבן א ספּעציעלע דערלויבעניש אריבערגיין די גרענעץ — די דייטשישע אידן זאָלן ניט קאָנען דערציילן דער וועלט, וואס זיי האָבן איבערגעלעבט.

די פּרעסע האָט עס אויך ניט געטאָרט טאָן. נאָר זעלטן ווען קאָן מען געפינען אזוינע מיטיילונגען, ווי די מיטיילונג פון דער „פראנקפור־טער צייטונג"-פון 2־טן אפּריל:

„אין ברעסלוי זיינען ביז איצט גענומען געוואָרן אין שוץ־ארעסט 107 אידישע סאָכרים. פיל האָבן געבעטן, מע זאָל זיי ארעסטירן צוליב זייער פּערזענלעכער זיכערקייט".

אָדער די מיטיילונג פון קאָנטי־ביוראָ פון אנאבערג אין זאקסן:

„דאָ האָבן זיך היינט פאַר מיטיק צונויפגעקליבן גרויסע אָפּ־טיילונגען שטורמאָוויקעס און אָפּטיילונגען פון די שוץ־אָטריאַדן פאַר די אידישע געשעפטן, און אַף יעדן קויפער, וואס האָט פאַר־לאָזן דאָס געשעפט, האָבן זיי ארויפגעדריקט א שטעמפּל אפן פּאַ־נעם מיט אַן אויפשריפט: „מיר, פאַרעטער, האָבן געקויפט בא אידן".

## „עס האָט זיך דערהערט א שאָס"

אַן „אויפגערעגטער האמוין מענטשן" דראָעט דעם אידישן „שווינד־לער", „וואוכערער", „מיידל־שענדער". און דער איד ווערט אַרעסטירט „צוליב זיין אייגענער זיכערקייט". אַזוי לייענען מיר אין יאָר 1935 יעדן טאָג. דער „אויפגערעגטער האמוין מענטשן" איז ארויסגעטראָטן דעם היסטאָרישן טאָג דעם 1־טן אפּריל 1933. דעמאָלט האָט די „טעלעגראַפן אוניאָן" מיטגעטיילט:

„קיל, 1 אפּריל. — ארום 11 אזייגער איז פאַר דעם מעבל־געשעפט פונעם אידן שום פאָרגעקומען א קריגעריי, און דערביי איז דער זון פונעם אידישן אייגנטימער אַנגעפאַלן אַף א מיטגליד פון א שוץ־אָטריאַד. ווען יענעם איז געקומען צו הילף א כאווער,

## בא דער שווייצארישער גרענעץ




אין גיילינגען בא דיסענהאָפען וואָרנט אן ס. א.-פּאָסטן צוויי שווייצארישע געסט, אז זיי זאָלן ניט ארײַן אין א קאפע-הויז, וואָס געהערט צו א אידן. אַף דער טיר דער מיטלאַלטערלעכער צייכן אַף אויסצוטיילן אידן: א געלער פלעק אַף א שווארצן פאָן.

איז אויסגעבראָכן אַ קאַמף צווישן דיביידע שוצלייט און דעם גיך־צוגעקומענעם אייגנטימער פון דער פירמע און זיין זון. דערביי האָט זיך דערהערט אַ שאָס, וואָס האָט שווער פאַרוואונדעט אין ברוסט דעם 22־יאָריקן שוצמאַן וואַלטער אַסטהאַלטער".

דאָס איז קלאָר און רופט ניט אַרויס קיין ספק: ס'האָט זיך דער־הערט אַ שאָס. אַ מיטגליד פון אַ שוץ־אָטריאַד האָט אַלפי־טאָעם געשאָסן זיין כאַווער, ווייל רעוואָלווערן האָבן געהאַט נאָר די שוצלייט און די שטורמאָוויקעס. אָבער לויט דער מיטיילונג פון דער אָפיציעזער וואָלף־ביוראָ זעט שוין דער פאַל אויס אַזוי:

„קיל, 1 אַפּריל. — דער זון פונעם מעבל־הענדלער שום, וואָס האָט אינדערפרי לעבן דעם געשעפט פון זיין פאָטער עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן אויף אַ מיטגליד פון אַ שוץ־אָטריאַד און האָט אים דערמיט שווער פאַרוואונדעט אין בויך, איז דערשאָסן געוואָרן אין דער פּאָליציי־טורמע, וואוהין מע האָט אים געבראַכט. ווי מע זאָגט, האָבן אייניקע מענטשן געפאָדערט אין פּאָליציי־פּרעזידיום, מע זאָל זיי עפענען די טיר פון שומס קאַמער. ווען דער דאָזיקער פאַרלאַנג איז באַפרידיקט געוואָרן, האָבן זיך דערהערט עטלעכע שאָסן. שום איז גלייך געפאַלן אַ טויטער. דער טויטער קערפּער איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם געריכט־מעדיצינישן אינסטיטוט".

אַלזאָ, דער אומשולדיקער איד איז אַרעסטירט געוואָרן. אייניקע נאַ־ציאָנאַל־סאָציאַליסטן האָבן פאַרלאַנגט, מע זאָל אים אַרויסגעבן צו לינ־טשן, און דאָס איז גערן געטאָן געוואָרן. ער איז דערהאַרגעט געוואָרן.

אָבער נאָך דעם זעלבן טאָג „בעסערט אויס" די אָפיציעזע ביוראָ איר מיטיילונג:

„קיל, 1 אַפּריל. — דער אידישער אַדוואָקאַט און נאָטאַריוס שום האָט אַרום 10 אַזייגער 30 מינוט אינדערפרי געשאָסן אויף דער קערן־שטראַסע דעם מיטגליד פון אַ שוץ־אָטריאַד וואַלטער אַסט־האַלטער אין בויך, און, לויט די ביז־איצטיקע מיטיילונגען, אָן אַ פאַרוואָס. דער מיטגליד פון שוץ־אָטריאַד איז אין דער קליניק גע־שטאָרבן. אַן אויפגערעגטער האַמוין מענטשן האָט זיך צונויפגע־זאַמלט פאַר דעם פּאָליציי־אַרעסט, איידער מע האָט געקאָנט אָפּ־

פירן דעם אדוואָקאַט שום, ווי דאָס האָט פאַראָרדנט דער אויבער־פּרעזידענט... דער אויפגערעגטער האַמוין איז אריינגעדרונגען אין פּאָליציי־אַרעסט, וואו שום איז געזעסן, און האָט אים געטויט דורך רעוואָלווער־שאָסן. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי שנעל, אַז די פּאָליציי האָט ניט געקאָנט שטערן. דער האַמוין איז אויך אריינגעדרונגען אין דעם געשעפט פון דעם אדוואָקאַט שומס ברו־טער אויף דער קערן־שטראַסע און האָט כאַרעוו געמאַכט דעם אינ־ווענטאַר".

דאָס איז די סכעמע פאַר אַ מיטיילונג וועגן געשעענישן, וואָס מ'קאָן שוין ניט פאַרשווייגן. דער אידישער קאָרבן איז שטענדיק דער פאַר־ברעכער, און דער שנעל־צוגעקומענער „אויפגערעגטער האַמוין" גיט אים די שטראָף.

# דאָס יאָר 1934 — די צוגרייטונג צום פּאָגראָם

## געבעלס גיט דעם לאָזונג

די אידן־העצע, וואָס איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג, זינט היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָט אפילו אויף א האָר ניט באַזייטיקט די ביטערע נויט פון די פאָלקסמאַסן. קיין איין צוזאָג, וואָס די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרן האָבן געגעבן די ערבעטנדיקע גרופּן פון דער באַפעלקערונג, איז ביז פרילינג 1934 ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. עטלעכע אָנפירנדיקע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן האָבן באַקומען גוט־באַלוינטע שטעלעס. די באַוואָפענונג און די ווירטשאַפטלעכע פּאָליטיק פון דער רעגירונג, וואָס באַשטייט אין גרענעצלאָזן אויסנוצן די מיטלען פון דער באַפעלקערונג, האָבן אויפגעשרויפט די פרייזן. דער לעבנס־ניוואָ איז געפאַלן אַלץ טיפער און טיפער. לאַנגזאַם, אָבער אָן אויפהער איז געוואַקסן די קריטיק, די פאַראַכטונג צום רעזשים פון שיינע ווערטער, וואָס האָט ביז אַהער נאָר צוויעסדיק מאַסקירט מיט נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע און ראַסן־טעאָרעטישע פראַזן אָן אומגעצוימטן גייעג נאָך שטעלעס, אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן נעבעכדיק־הילפלאָז אין דער אַנטשיידנדיקער פראַגע — אין דער פראַגע וועגן ליקווידירן די מאַסנהאַפטע אַרבעטלאָזיקייט.

אזא איז געווען די לאַגע אין אַנהויב מאַי 1934, ווען אדאָלף היט־לער האָט געמוזט באַאויפטראַגן זיין פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער אונטערצו־נעמען א ברייטע פּראָפּאַגאַנדע־קאַמפּאַניע „קעגן די פאַלשע קריטיקער און טאַדלער". ביזן 30טן יוני האָבן פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס באַדאַרפט דורכגיין איבערן גאַנצן לאַנד, ווי דאָס פּויקן פון א קעסל־פּויק. דעם 11־טן מאַי האָט דער פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער דר. געבעלס אַליין אָנגעהויבן אָט דאָס זעקס־וואָכיקע פּויקן. ער האָט גערעדט קעגן די אומ־צופרידענע פון אַלע שיכטן און שאַטירונגען, אָבער באַזונדערס האָט ער געזידלט און געדראָט די דייטשישע אידן:

„מיר האָבן די אידן געשוינט. אָבער אויב זיי מיינען, אז זיי קאָנען דעריבער ווידער אַרויפטרעטן אויף דער דייטשישער בינע צו געבן דעם דייטשישן פאָלק קונסט, אָדער אויב זיי מיינען, אז זיי קאָנען ווידער דערשיינען אין די דייטשישע רעדאַקציעס, שרייבן אין די דייטשישע צייטונגען, אויב זיי שפּאַצירן ווידער אַרום אי־בער דעם קורפירסטנדאַם, גלייך ווי עס וואָלט גאָרנישט ניט גע־שען, מעגן פאַר זיי די דאָזיקע ווערטער דינען אַלס די לעצטע וואָרענונג. די אידן מעגן זיין זיכער: מיר לאָזן זיי צורו, אויב זיי וועלן זיך שטיל און באַשיידן צוריקציען אין זייערע דאַלעדאַמעס, אויב זיי וועלן ניט פּראָוואָצירן און וועלן ניט אַרויסטרעטן קעגן דעם דייטשישן פאָלק מיט דער פּרעטענזיע, מע זאָל זיי באַטראַכטן אַלס פולווערטיק און גלייך. טוען עס די אידן ניט, זאָלן זיי פאַר די אומפאַרמיידלעכע פאָלגן האָבן טאַינעס צו זיך אַליין".

## שטרייכער ווערט טאָנגעבער

די „פּראָפּאַגאַנדע קאַמפּאַניע", וועלכע היטלער האָט באַפוילן, דער לאָזונג, וועלכן געבעלס האָט געגעבן, האָט פריי געמאַכט דעם וועג פאַר יוליוס שטרייכער. שטרייכער האָט געמיינט, אז ער וועט אַמבעסטן די־נען זיין העָר און לערער אדאָלף היטלער, אויב ער וועט איצט אַרויסגעבן זיין בלוט־בילבל־נומער פון זיין צייטונג „דער שטירמער", וואָס איז באַ־רימט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט. שטרייכערס קעניגרייך פראַנקען

איז אין גאַנץ דייטשלאַנד באַוואוסט געוואָרן אַלס מוסטער־לאַנד פון דער אויסראָטונג פון דער אידישער באַפעלקערונג. די פּאָגראָם־העצע אין פראַנקען איז געוואָרן אַ מוסטער פאַר גאַנץ דייטשלאַנד; די מעטאָדן מיט וועלכע דער „שטירמער״ ארבעט, זיינען געוואָרן אַ פּראָטאָטיפּ פאַר אַ סאַך נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע צייטונגען.

ניט געקוקט אַף דער אומגעוויינלעכקייט פון די געשעענישן, וואָס קומען פאָר אינעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן דייטשלאַנד, איז די פרעסע פּראָדוקציע פון דער דריטער אימפּעריע שרעקלעך לאַנגווייליק, די דאָזיקע לאַנגווייליקייט דערלאַנגט אַ טויט־קלאַפּ די פאַרלאַנג, וואָס זעען, ווי די טיראַזשן פון זייערע אויסגאַבן האַלטן אין איין פאַלן. דער עמעס, און מיט אים אויך יעדע זעלבסטשטענדיקייט אין אינפאָרמירן און באַהאַנד־לען, איז פון די רעדאַקציעס און צייטונגען פאַרטריבן. נאָר אַף איין גע־ביט הערשט שרייב־פרייהייט: אין דער אידן־העצע. דאָ ווערט אַלץ דער־לויבט: גראָבן זיך אינעם פריוואַט־לעבן פון בירגער, זאָגן ליגן, פאַר־שפרייטן פּאָרנאָגראַפיע, טרייבן רעכילעס. די פרעסע פון דער הויפּט־שטאָט, וואָס ווענדט זיך צום סקעפּטישן בערלינער לייענער און דער־שיינט אונטערן קאָנטראָל פון דער וועלט, האָט ניט געקאָנט פאָשעט איבערנעמען די באַבעמאַיסעס וועגן ריטואַל־מאָרד און די פּאָרנאָגראַפישע כאַזעריייען. אָבער אָנהויב 1934, ווען דער טיראַזש פון דעם „אָנגריף״, די צייטונג פונעם פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער געבעלס, וואָס איז אין דער צייט, איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, דערגאַנגען ביז ווייט איבער 200.000, איז געפאַלן ביז דער באַשיידענער ציפער פון 53.000 עקזעמפּליאַרן (דאָס איז די ציפער, וואָס דער פאַרלאַג אַליין האָט פאַר־עפנטלעכט, דער ווירקלעכער פאַרקויף איז אָן ספק געווען נאָך קלע־נער), ווען מע האָט שוין ערנסט גערעדט וועגן אַ רומלאָזן באַנקראָט פון דער צייטונג, — האָט דר. געבעלס געפונען אַן אויסוועג פון דער שלעכ־טער לאַגע די אידן־העצע.

דער „אָנגריף״ האָט באַקומען אַ נייעם הויפּט־רעדאַקטער הער שוואַרץ וואַן בערק, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אריבערצופירן די סיסטעם פון שטרייכערס פּאָגראָם־העצע אָפּן בערלינער באָדן.

„מיר זינגען ניט קיין פּאָגראָם־ליד, — האָט געשריבן דער

„אַנגריף" דעם 11־טן מאַי 1934 — מיר רופן ניט צו קיין שום רעדיפעס אַף אידן. אָבער מיר ווילן וויזן, ווי דער איד פירט זיך שוין איצט ווידער אויף און ווי ער דאַרף זיך אויפירן... מיר פאָדערן איצט אויף אַלע לייענער, פּאַרטיי־כאַווערים, שטורמאַזויקעס און אַרבעטער מיטצוטיילן אונדז יעדן פאַל פון אידישער אומפּאַרשעמטקייט, וואָס איז פאָרגעקומען די לעצטע כאַדאָשים און וואָכן קעדיי צו פאַרעפנטלעכן דאָס אינעם „אַנגריף".

באַלד דערנאָך הויבט זיך אָן אינעם „אַנגריף" אַ מאַבל מעסירעס קעגן באַזונדערע אידן און קעגן „אַריער, וואָס דינען די אידן". זיי אַלע ווערן אָנגעוויזן אַפן „צאָרן פון די פאָלקסמאַסן".

# אין שאָטן פון דעם בלוטיקן 30-טן יוני

דער 30־טער יוני 1934 באַווייזט, אַז דער רעזשים מאַכט דורך אַן ערנסטן קריזיס. דער שטאַב־שעף פון די שטורעם־אָפּטיילונגען רעם מיט זיין גאַנצער פירער־גרופּע ווערט פאַרטיליקט, שלייכער און אַלע אַנדערע אין וועלכע היטלער פילט אַ דירעקטע דראָונג, ווערן דערמאָרדעט. מער, איידער ווען־עס־איז פריער, מוז מען פאַנאַנדערוויקלען די אידן־העצע, קעדיי צו מאַכן פאַרגעסן די בלוטיקע געשעענישן פון 30־טן יוני. דעם 24טן יולי טיילט מיט דער „וועסטדויטשע בעאָבאַכטער" וועגן אַ רעדע פון דעם אָנפירער פון דער ריינישער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע און מעלובע־ראַט, גראָהיי, פאַר הונדערט טויזנט היטלער־יוננגען:

„דער איד איז דער פיינט פון יעדער אָנשטענדיקער געזעלשאַפט אין דער וועלט, דער איד איז דער פיינט פון אַרבעט; ער לעבט פון רעוועך, ער שטרעבט שטענדיק אומצוברענגען אַנדערע פעלקער. אַזוי איז עס שוין געווען פאַר טויזנטער יאָרן, אַזוי איז עס שוין געווען פאַר קריסטוסן. קריסטוס באַהויפּט אַפילע, אַז דער סאָטן איז דער פאָטער פונעם אידישן פאָלק. פון דעם אידן שטאַמט אַלראָס טייוולאָנישע... יעדער דייטשישער באָכער און יעדעס דייטשיש מיידל מוז זיך שעמען אַפילע נאָר פרינטלעך אַ קוק טאָן

אויף אַ אידן... אויב די פעלקער ווילן לעבן אין פרידן, מוז דער איד שטאַרבן!"

אין בערלין און אין מינכען זיינען אין די טעג פון 30־טן יוני דער־שאָסן געוואָרן אַ סאַך אידן „אַלפּי טאָעס". דעם 2־טן יולי איז אין בער־לינער שווינענפּירטל פאָרגעקומען אַ געיעג נאָך אידן. אַ יונגער איד לעאָן שטיין, וואָס איז צופעליק אַריינגעפאַלן צווישן די לויפנדיקע, איז פאַר־נומען געוואָרן און געבראַכט געוואָרן צום אַלעקסאַנדער־פּלאַץ. אויף מאָרגן האָבן די עלטערן באַקומען דעם צעקאַליעטשעטן טויטן קערפּער פון זייער זון מיט דער באַמערקונג, אַז דער יונגערמאַן האָט זיך אַרויסגעוואָרפן פון פענצטער פונעם פּאָליציי־פּרעזידיום.

די דערשיטערונג, וואָס די בלוט־באָד פון 30־טן יוני האָט אַרויסגע־רופן צווישן דער אָנהענגערשאַפט פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן, באַזונ־דערס אין די שטורעם־אָפּטיילונגען, איז אין שלעזיע געווען באַזונדערס שטאַרק. דער העכסטער הערשער פון דער פּראָווינץ, דער געהיים מער־דער עדמונד היינעס, איז אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט רעם. אין בייטן, ראַטיבאָר און אנד. שטעט זיינען אויסגעבראָכן אָרטיקע בונטן פון שטורמאָוויקעס, וואו עס זיינען דערהאַרגעט געוואָרן פיל מענטשן. די אָנפירער האָבן געזען, אַז מע מוז עפענען אַ קלאַפּאַן, קעדיי אָפּצואווענדן די ביז גאָר אויפגערעגטע אַטריאַדן און געבן זיי אַ באַשעפטיקונג. דעם 3־טן יולי טיילט מיט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּרעסע („פאָרסטער טאַגעבלאַט") אויף דער אָפיציעלער שפּראַך פון דער דריטער אימפּעריע וועגן דער דערמאָרדונג פון 4 אידישע בירגער.

„דערשאָסן באַם לויפן.

הירשבערג, 3 יולי. — אין דער נאַכט אפן 2־טן יולי, זיינען באַם אַריבערפירן קיין גערליץ, דערשאָסן געוואָרן 4 אַרעסטירטע באַ אַ פּרואוו צו אנטלויפן. עס האַנדלט זיך וועגן דעם געוועזענעם אַדוואָקאַט פערסטער, וועגן דעם פאָרפאָלק צווייג און דעם סויכער כאַריג. אַלע — פון הירשבערג".

ווי „דיילי העראַלד" טיילט מיט דעם 10־טן יולי, איז פאַר דעם פאָרגעקומען אַ מאַסן־פּאָגראָם אין דער שטאָט. בעיים דעם פּאָגראָם זיי־נען די געשעפטן פון די אידישע איינוואוינער באַרעוו געוואָרן, זייערע

וואוינונגען זיינען באַפאַלן געוואָרן, זיי אליין האָט מען ארויסגעשלעפּט אפן גאַס און מיט קלעפּ אַריינגעטריבן אין רייט־לאָקאַל פון דער יעגער־קאַזאַרמע. איינער פון די קאָרבאָנעס דערציילט וועגן די ווייטערדיקע פּאַסירונגען:

„מיר האָבן זיך געמוזט אויסשטעלן אין אַ ריי מיטן פּנים צו דער וואַנט. הינטער אונדז האָבן זיך אויסגעשטעלט באַוואָפנטע שוצלייט. גאָר נאָענט לעבן מיר איז געשטאַנען אדוואָקאַט פערס־טער, בא 38 יאָר אַלט, דר. צווייג, בא 60 יאָר אַלט, זיין פרוי, 56 יאָר אַלט, און דער סויכער כאַריג, בא 42 יאָר אַלט... באַנאַכט, אַרום האַלב צוויי אַזייגער האָט מען דאָס פּאָרפאָלק צווייג, דעם אדוואָקאַט פערסטער און דעם סויכער כאַריג אַרויפגעזעצט אויף אַן אָפענעם פּראַבאַט־אויטאָמאָביל... מיר, די איבעריקע, זיינען פריער אַריין אין אַן אַנדער אויטאָמאָביל... נאָכדעם, ווי מיר זיינען אָפּ־געפאָרן אומגעפער 4 קילאָמעטער, האָט זיך דער אויטאָמאָביל אָפּ־געשטעלט: ס'איז קלוימערשט פאָרגעקומען אַן אַוואַריע. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל אַרויסצוגיין פון אויטאָמאָביל און אויסשטעלן זיך באַם ראַנד פון וועג.

אומגעפער 80 מעטער הינטער אונדז האָט זיך אָפּגעשטעלט דער צווייטער אויטאָמאָביל. פּלוצעם האָבן מיר דערהערט 4 שאָסן, איינער נאָכן אַנדערן, געשרייען און קרעכצן. נאָך דער דאָזיקער געשעעניש האָבן מיר ווידער געמוזט אַריין אין אויטאָמאָביל, און מע האָט אונדז צוריקגעבראַכט קיין הירשבערג.

די טויטע קערפּערס פון די „דערשאָסענע באַם פרואוון אַנט־לויפן" זיינען געבליבן ליגן אפן וועג ביז מאָנטיק באַטאָג, באַ־וואַכט פון עטלעכע שטורמאָוויקעס. אַלע פיר דערשאָסענע האָבן געהאַט איין און דעם זעלבן וואונד: אַ רעוואָלווער־שאָס אין דער האַלדז־אַרטעריע"...

## שטרייכערס „שוואַרצע מייע" נעמט איין דייטשלאַנד

ווי די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט זיך צוערשט באַ־פעסטיקט אין מינכען און פון דאָרטן האָט זי איינגענומען גאַנץ דייטש־

לאַנד, אַזוי האָט זיך שטרייכער געשאַפן צוערשט אין זיין „מוסטער־לאַנד" פראַנקען דעם הויפּט־שטיצפּונקט פאַר זיין אַנטיסעמיטישער קאַמפּאַניע, וואָס האָט ווינטער 1934־1935 אַרומגענומען העסען, שלעזיע און די אַנדערע פּראָווינצן סיסטעמאַטיש ביז בערלין. אין אַ ריי בערלינער אינדוסטריע־אונטערנעמונגען ווערן די אַרבעטער געצוואונגען צו אַבאָנירן דעם „שטירמער". עס הויבט זיך אָן אַן אינטענסיווע פּראָפּאַגאַנדע פאַר איינאָרדענען „שטירמער־קאַסטנס". אָנשטאָט דער פאָדערונג פון בויקאָט טרעט קלאָר אַרויס אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּרעסע די פאָ־דערונג פיזיש אויסצוראָטן די אידן. דער בלוט־בילבל ווערט געפּריידיקט אין יעדער שטאָט, אין יעדן דאָרף, אין מאַסן־פאַרזאַמלונגען און פאַר שול קינדער. דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער רעזשים טראַכט אויס די אי־דייע פון „ראַסן־שאַנדע", און טויזנטער שוצלאָזע מענטשן פאַלן אַ קאָר־בן דערפון. די רעגירונג וואַגט שוין לעגאַבע אויסלאַנד אָפן צו שטיצן די אידן־העצע, וועלכע זי האָט פריער סטימולירט געהיים. זומער 1935 איז די סיטואַציע רייף פאַר דער אַלגעמיינער דורכפירונג פון דעם קאַלטן פּאָגראָם. אָפן נירנבערגער פּאַרטייטאָג לעגאַליזירט אים די רעגירונג. די געזעצן קעגן אידן ווערן אָנגענומען אָף אַן עקסטרע־זיצונג פונעם אַזוי־גערופענעם רייכסטאַג.

אַ וויכטיק מיטל פאַר דער פּאָגראָם־אַרבעט אין בערלין איז געוואָרן צווישן אַנדערע די גרינדונג פון אַ ספּעציעלן אַנטיסעמיטישן העצבלאַט פאַר דער הויפּטשטאָט: אין פעברואַר 1935 הויבט אָן צו דערשיינען דער בערלינער „אידן־קענער".

אַרויסגעגעבער איז „דער וועלט־בונד פון די פעלקישע", איינע פון אַלפרעד ראָזענבערגס אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע־צענטערס און פון זיין „אויסערן־פּאָליטישן אָפּטייל פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי". דאָס בלאַט פאָדערט אויף די לייענער צו וויזן „דער אַזיאַטי־שער האָרדע", אַז בערלין איז אַ דייטשישע שטאָט, און מיטיילן אַלץ, וואָס זיי האָבן געהערט וועגן „אידישע שווינדלערייען". אין דער רובריק „אין שאָטן פון דער סינאַגאָגע" געפינען זיך קעפּלעך: „די מיעסע אידי־שע טאַיווע צו דייטשישע פרויען", „כאַזערשע ראַסן־מאָראַל", „שענדונ־גען פון דערציערנס", „פאַרגוואַלטיקונגען מיט אַ רעוואָלווער אין דער

האַנט", „אידישע ווייבער באַשמוצן פֿוטער", „ווען וועט מען שוין פֿאַר־באָטן די אידן האַנדלען מיט שפּייז־פּראָדוקטן?" א. א. (נומ. 4).

צוזאַמען מיט דעם אַלעם ווערט אין דעם בלאַט געמאַכט די אַנטדע־קונג, אַז דער דעמאָלטיקער פֿראַנצויזישער פּרעמיער, גאַסטאָן דומערג, איז געווען... אַ שרייבער אין אַ סינאַגאָגע.

אָנהויב אַפּריל זײַנען דורך בערלין דורכגעגאַנגען מיט אַנטיסעמיטי־שע פּלאַקאַטן פּראָפּאַגאַנדע־אָטריאַדן פֿאַרן „שטירמער" אין דער שפּיץ מיט אָפּטיילונגען פֿון דער היטלער־יוגנט. די דאָזיקע „פּראָפּאַגאַנדע־פּראָ־צעסיעס" זײַנען בעקיוון געגאַנגען איבער דעם שוינען־פֿירטל, וואו עס וואוינען די אָרעמסטע אידן פֿון בערלין. דער רעזולטאַט איז פֿיר שווער פֿאַרוואונדעטע אידן, וועלכע מע האָט געמוזט אָפּפֿירן אין שפּיטאָל, און אַן אָנפֿאַל אויף אַ אידישער קאַפע.

אין מאַוראָגען, אינעם מעטאַל־געביט האָט אַ מיידל געטויט איר קינד און איז אַרעסטירט געוואָרן. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן באַהויפּטן, אַז דאָס איז אַ מאָרד מיט ריטועלע צוועקן, און זייער אָפֿיציעלער אָרגאַן אין קעניגסבערג פֿאַרשפּרייט דעם בילבול אין גאַנץ מיזרעך־פּרייסן. מע דערמאָנט זיך טייקעף, וואָס מע האָט געלערנט אין שטרייכערס „בלוט־בילבול־נומער": אין אַ סאַך שטעט, צווישן דעם אין אַלענשטיין, האָט מען כאָרעוו געמאַכט און צערויבט די אידישע געשעפֿטן. אין אַ כוידעש אַרום האָט מען שוין געוואָגט אונטערצוטראָגן דעם בלוט־בילבול דער בערלינער באַפֿעלקערונג. דער „אידן־קענער" שרייבט:

„יאָר־איין יאָר־אויס פֿאַרשווינדן אין אַלע טיילן פֿון דער וועלט פֿון שטאָט און דאָרף אַלטע און יונגע מענטשן. אַ געוויסע צאָל פֿון זיי כאַפּן די אידן, קעדיי צו געווירצן דערמיט דעם טייוולשן מאָל־צייט פֿון זייערע 30־40 מיליאָן מענטשן און דורך דעם זיך נאָך מער פֿאַרפֿעסטיקן אין דער איבערצייגונג, אַז אַזוי וועלן זיי אַמאָל אָפּצאַפּן דאָס בלוט פֿון דער גאַנצער פֿון זיי פֿאַרנאַרישטער מענטש־הייט".

די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פּרעסע פֿאָדערט טויטשטראָף פֿאַר אידן, וואָס האַלטן „ניט־אידן" אַלס סובלאָקאַטאָרן אָדער לאָקאַטאָרן, אָדער וואָס האַלטן „ניט־אידישע" דינערשאַפֿט, אָדער וואָס באַדינען „ניט־

אידן" אַלס דאָקטוירים צי אַדוואָקאַטן. „אידן זיינען מערדער!" — שרייבט די „עסענער נאַציאָנאַל־צייטונג", די צייטונג פון דעם אימפּערישן מיניסטער גערינג.

די צוגרייטונגען זיינען געענדיקט. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און די שטורמאָוויקעס זיינען אויפגעהעצט. מע קאָן אָנהויבן די פּאָגראָמען.

# דאס יאר 1935—דער פאגראם אין גאנץ דייטשלאנד

## דאָס שלאַכטפעלד קורפירסטנדאם

דער קורפירסטנדאַם איז די שפּאַציר־גאַס פון מאַירעוו־בערלין. אין ווארעמע זומער־טעג, ווי אין דעם דאָזיקן 15־טן יולי 1935, זיינען די טעראַסן פון די קאַפעען פול. דאָ רוען די קאָמערסיאַנטן מיט זייערע פרויען. דאָ טרינקען די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע באַאַמטע קאַווע נאָך אָוונטברויט, און דאָ קומען די אויסלענדישע געסט. דאָ זיצן אויך אין אייניקע קאַפעען אידן, ווייל די זייטיקע גאַסן זיינען דער צענטער פונעם אידישן בירגערטום. עס הערשט אַ געדריקטע שטימונג אויף די טעראַסן פון די קאַפעען, וואָס זייערע אייגנטימער זיינען אידן. אָפטמאָל לאָזט מען אַראָפּ דעם קאָל: באַ איינעם אַ טיש רעדט מען וועגן די געשעענישן פון די לעצטע וואָכן, — וועגן די בערלינער געשעענישן, אמאָל אויך וועגן די געשעענישן אין דער פּראָווינץ, — אָבער מע ווייסט ניט גענוי, וואָס עס קומט פאָר אין דרויסן.

זייט אייניקע וואָכן הענגען די אַנטיסעמיטישע „שטירמער־קאַסטנס" פאַר די לאָקאַלן פון די שטורמאָוויקעס. אין מיזרעך־בערלין און אין ניי־קעלן איז מען באַפאַלן און מען האָט צעגראָמירט אידישע געשעפטן, און די אייגנטימער זייערע האָט מען געשלאָגן. אין עטלעכע טעג אַרום האָט

מען זיי אָנגעפרעגט, פאַר וויפל קאָן מען אָפקויפן דאָס געשעפט פאַר אַן „אריער“, אַזוי האָט זיך אַ מאַנופאַקטור־מאַגאַזין אױף דער פראַנקפורטער אַלייע געמוזט פאַרמאַכן. אין אַנדערע פאַלן האָט מען די אייגנטימער פריער געמאַטערט און אַרעסטירט, און ערשט נאָכדעם האָט מען זיי פאָרגעלייגט פאַרקויפן דאָס געשעפט. אין די קאַפּעען פונעם קורפירסטנ־דאַם דערציילט מען זיך דאָס שטיל און מע צוקט מיט די אַקסלען. דאָ איז מער ניטאָ קיין צאָרן, דאָ הערשט פאַטאַליזם.

שטורמאָוויקעס זיינען באַפאַלן אַ פאַרזאַמלונג פון אידישע פראָנט־קעמפער און געשלאָגן די פאַרזאַמלטע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שטורמאָוויקעס האָבן ספּעציעל צו דעם צוועק געדונגען אַ דערבייאיקן צימער. די פּאָליציי האָט געמאַכט אַרעסטן... צווישן די פראָנט־קעמפער.

אין איניקע פאָרשטעט און אין דאָרעם פון דער שטאָט האָבן אָט־ריאַדן שטורמוויקעס אויסגעהאַקט די אידישע וויטרינעס, זיינען אַריינ־געדרונגען אין קראָמען פון אייז־קרעם, האָבן צעבראָכן די גלעזער אױף די טישן, האָבן געזידלט און געשלאָגן די באַזוכער. אָפט האָט דער זייטיקער אוילעם דייטלעך אויסגעדריקט זיין צאָרן: „וואָס גייט איר די אידן אַ פּאַטענט, אויב מע טאָר באַ זיי ניט קויפן?“ „אָבער צאָלן שטייערן און געבן ווינטער־הילף, — דאָס מעגן די אידן יאָ, ניט עמעס?“ אַזעלכע דערציילונגען ברענגען צוזאַמען מיט דער שרעק אויך אַ שאָטן פון באַ־פרידיקונג. ביכלאַל אָבער, דאָ, אין מאַירעוו פון בערלין האָט גאָרנישט ניט פּאַסירט. וואָס זאָל מען טאָן? מען איז געוואָרן פאַטאַליסטיש, און מע האָט האָנאָע פון דעם זומער־אָוונט.

ווייטער מיט עטלעכע הייזער גייט זינט איניקע טעג אַן אַנטיסע־מיטישער פילם. באַ דער ערשטער אויפירונג זאָלן האָבן פאָרגעקו־ פּראָטעסטן, „אַרויסגערופענע פון אַ גרויסער, ווי עס ווייזט אויס, אָרגאַ־ניזירטער צאָל אידישע באַזוכער“, האָט געשריבן דער „פעלקישער בעאָב־אַכטער“ היינט אָוונט און האָט צוגעגעבן:

„כאָטש די אידישע פּרעסע־לייט האָבן זיך בעיים דער פאָר־שטעלונג געהאַלטן אויס מוירע אין די ראַמען פון דער פינצטער־ניש, באַוויזן זיי דאָך, באַזונדערס ווען מע זאָל נעמען אין אכט דעם אָפיציעלן כאַראַקטער פונעם פילם, אַז דאָס אידנטום נוצט

אויס די שטעלונג פֿון דער דריטער אימפּעריע אין דער אידן־פֿראַגע פֿאַר אומפּאַרשעמטע אַרויסטרעטונגען, וואָס וואָלטן ניט באַדאַרפֿט בלייבן אָן רעזולטאַטן".

אַ פּייפּערייַ אין דער פֿינצטער — און דאָס ווייסט מען גענוי, אַז דאָס זיינען געווען אידן! אַ אידישע דעמאָנסטראַציע — באַ די באַדראָטע קאָן דאָס אַרויסרופֿן ניט מער ווי אַ ביטערן שמייכל. „זיי מעגן זיך היטן!" — אַזוי ענדיקט זיך דער אַרטיקל אינעם היטלער־בלאַט. און געבעלסעס „אַנגריף" סטראַשעט אויך:

„דאָס אידישע פּובליקום האָט געוואגט צו דעמאָנסטרירן אין דער פֿינצטער אין אַ קינאָ... עס זיינען אָבער דאָך פֿאַראַנען נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן, וואָס פֿאַרמאָגן עטוואָס מער דערפֿאַרונג אין אַזעלכע זאַכן, איידער די הערן פֿון קורפֿירסטנדאַם... די שטאַרקע האַנט באַטייט: אידן וועלן אין בערלין מער קיינמל ניט דעמאָנסטרירן!"

וואָס וועט פֿאָרקומען? וואָס עס זאָל ניט זיין, אַף די דאָזיקע זומערדיקע קאַפֿע־גאַסן הערשט ניט קיין צאָרן, ניט קיין מורע, נאָר רעזיגנאַציע.

באַלד נאָך 8 אַזייגער הערט מען אַ ליאַרם, ער קומט פֿון דער ריכטונג פֿון דעם קינאָ. אונטערשיידט מען דען ניט דעם קאַמפּגעשריי: „איד, קראַפּיר!" הערט מען דען ניט אייניקע טאַקטן: „ווען דאָס אידן־בלוט פֿון מעסער שפּריצט"? אייניקע געסט צאָלן שנעל און גייען אַוועק. אַנדערע בלייבן. מע האָט דאָס שוין אַזוי אָפֿט געהערט...

איצט גייט דער טומל אויך פֿון דער אַנדערער זייט. און אָט שטייען שוין עטלעכע הונדערט יונגען פֿאַר דעם קאַפֿע „בריסטאָל". איצט קאָן שוין קיינער ניט אַרויסגיין. די ערשטע רייען טישלעך ווערן אומגעוואָרפֿן, די קיילים ווערן צעבראָכן, די שויבן פֿון דער טיר פֿאַלן מיט אַ בראַזג אַף דער ערד. מע הערט געשרייען. עס רינט בלוט. געסט ווערן אַרויסגעשטויסן אַף דער גאַס, מוזן לויפֿן דורך שפּיצרוטן, אַנדערע ליגן קרעכצנדיק אַף דער ערד, בלוטיק צעשלאָגן. אין אייניקע מינוט אַרום איז די קאַפֿע אַ חורווע.

עס גייט ווייטער. פֿון „בריסטאָל" צו דאָברין, פֿון דאָברין צום או־

לאַנדראַג. אין איינער אַ קאַפּע וואַרפּט מען אַנידער דעם באַלעבאָס אַף דער ערד, אייניקע מעטער ווייטער ליגט אין אָנמאַכט אַ קעלנער, געטראָפן פון אַ שטיין, פאַרבלוטיקטע געסט לויפן אין די הינטער־צימערן. געשרייען פון שרעק און וויטעק פאַרהילכן די גאַס. דער ליאַרעם פאַרטויבט זיי. מע הערט נאָכאַנאַנד די פּאָגראָם־געשרייען און די פּאָגראָם־לידער: „דעם אידן אַ טויט!" אַ „שטירמער"־פּלאַקאַט פלאַטערט איבער דער הערדע, ווי אַ פאָן.

פּאָליציי קומט און שטעלט זיך אַף דער וואַך לעבן אייניקע לאָקאַלן, וואו עס קומען פיל אויסלענדער. זי קומט צו שפּעט. פּאָליאַקן, איטאַליענער, רומענער, וועלכע מע האָט אָנגענומען פאַר אידן, ווערן געשלאָגן און געמיימעסט. די פּאָליציי ווייסט ניט וואָס צו טאָן. זי אַרעסטירט אַ מענטשן, וואָס ווייזט זיך אַרויס אַלס אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַליסט. דער האַמוין גייט אים נאָך ביזן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, און דער אַרעסטירטער ווערט באַפרייט. די הערדע צעגיסט זיך איבער דער גאַס. די אויטאָמאָבילן שטעלט מען אָפּ. אויב די פּאַסאַזשירן זעען אויס, ווי אידן, שלעפּט מען זיי אַרויס און מע טרייבט זיי דורך דער גאַס. דער אויטאָמאָביל ווערט אין אייניקע מינוט פאַרשוואונדן. ער איז „רעקווויזירט". אויב מע מיינט אַז מע האָט געכאַפּט אַ אידן, פאַרפאָלגט מען אים און מע שלאָגט. „איציק, איציק!" קלינגט עס דערביי. אין די אַריינגאַנגען פון די הייזער קרעכצן פאַרוואונדעטע.

נאָך אין האַלבער נאַכט טראָגן זיך די פּאָגראָם־געשרייען דורך מאָי־רעוו־בערלין, און נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע לידער קלינגען אין די גאַסן.

## „ווען אידן־בלוט פון מעסער שפּריצט..."

דער אָנפאַל אַף קורפירסטנדאַם איז געווען דער סיגנאַל פאַר דער גאַנצער אימפּעריע. אין אַלע שטעט פון דייטשלאַנד האָבן זיך באַוויזן די זעלבע אויפשריפטן מיט ריזיקע אויסיעס: „אידן זיינען דאָ ניט געוואונטשן!" „די אידן זיינען אונדזער אומגליק!" „מע וואָרנט פאַר אידן און קעשענע־גאַנאָווים!", „אידן און רוים זיינען אונדזערע פיינט!", „אידן, פון פראַנקפורט אַרויס!" (צי פון ברעסלוי צי פון אַן אַנדער שטאָט).

דער נאָמען פון דער שטאָט ווערט געביטן. אין אַלע שטעט זיינען אַף די מאַגאַזינען אין עטלעכע טעג אויפגעהאנגען געוואָרן שילדן: „דייטשיש געשעפט". איבעראַל מאַרשירן די שטורמאָוויקעס דורך די גאַסן און זינגען פּאָגראָם־לידער, איבעראַל פאָרן אַרום פּראַכט־אויטאָמאָבילן, באַשריבענע מיט אַנטיסעמיטישע לאָזונגען, און נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן מאַרשירן אין שטעט און דערפער מיט אידן־פיינטלעכע אויסרופן. פון דעם ריין ביז דער מעמעל, פון די אַלפּן ביז דעם בעלט גייען די נאַצינאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און די שטורמאָוויקעס לויט א לאָזונג פון בערלין אַריבער צום טאַט, אומעטום טרעט מען אַרויס גלייכאַרטיק לויט דער דירעקטיוו, וואָס איז געגעבן געוואָרן פון צענטער.

מע פאַרטרייבט אידן פון די מערק און מע שלאָגט, מע שלעפּט זיי אַרויס פון זייערע וואוינונגען און מע שלאָגט, מע באַפאַלט זיי אַף די גאַסן און מע שלאָגט. די יורידישע טעאָריע פאַר די פּאָגראָמען גיט דער אָרגאַן פון די שוץ־אַטריאַדן, וואָס זייער פירער היטלער איז אויך דער שעף פון דער געהיימער מעלוכע־פּאָליציי. אין דעם דאָזיקן אָרגאַן „שוואַרצע קאָרפּס" דערקלערט דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער יוריסט דר. צאַרנעק, אַז יעדער דייטש קאָן לאָזן אַרעסטירן אַ אידן, אויב דער איד באַווייזט זיך מיט אַ דייטשישער פרוי, אויב ער באַגייט זיך אויפּאַלנדיק אָדער אויב ער באַליידיקט די „הייליקע געפילן" פון די דייטשן:

„אין פאַל אויב דער איד שטעלט אַ ווידערשטאַנד, האָט דער דייטש רעכט אָנצואווענדן געוואַלט. אויב דער איד קאָן ניט באַווייזן, ווער ער איז, אָדער ווען מע קאָן מוירע האָבן, אַז ער וועט אַנטלויפן, איז דערלויבט אין אויסנאַמפאַלן אויך בינדן דעם אידן".

אין די קליינע שטעט ווערן געשיקט קאָלאָנעס שטורמאָוויקעס פון דערביייאיקע ערטער, ווייל עס קאָנען מעגלעך זיין וואַקלונגען און ניט־אַנטשלאָסנקייט באַם שלאָגן שכיינים און פערזענלעכע באַקאַנטע. אַ שטייגער ניט ווייט פון בערלין, אַף די מערק פון אָראַניענבורג, לעווענבערג, רייסנבערג, שווערט און פראַנקפורט־אַם־אָדער קומען פרעמדע קאָלאָנעס שטורמאָוויקעס פאַרטרייבן די אידישע הענדלער. אין דער נאָענטסטער אומגעגנט פון בערלין באַקומט אַזוינע אויפטראַגן באַזונדערס די שטורעם־אָפּטיילונג פון קעפּעניק, וואָס איז באַרימט געוואָרן מיט אַ ריי

## צוויי קאָרבאָנעס פון די פּאָגראָמשטשיקעס.



אויבן: דער פּראָפעסאָר טעאָדאָר לעסינג, דערהארגעט געוואָרן דעם 1־טן סעפּטעמבער 1933 י. דורך די דייטשישע פאשיסטן אַף דער טשעכאָסלאָוואקישער טעריטאָריע.

אונטן: עריך מיזאם, באוואוסטער שרייבער, דערהארגעט געוואָרן דעם 9-טן יולי 1934 י. אין קאָנצענטראציע-לאגער אָראניענבורג.

רעציכעס אין יאָר 1933. ווייט אַרום — אין פרידריכסהאַגען, אין ערקנער, אין ראַנסדאָרף, ווילהעלמסהאַגען, רידערסדאָרף און אין קעפּעניק גופע פירט זי דורך אידיש מאיסים. צ. ב. א מיטיילונג פון רידערסדאָרף דערציילט, אַז באַנאַכט באַפאַלט מען די הייזער פון די אידן. אפילע א אידישע פרוי אַ דאָקטער, וואָס האָט פאַרבונדן א צעשלאָגענעם אָן אָפּענע וואונד אין קאָפּ, איז צעמיימיסט געוואָרן.

נאַטירלעך טאָרן די דייטשישע צייטונגען און אינפאָרמאַציע־ביוראָען גאָרנישט ניט שרייבן וועגן אַזוינע געשעענישן. די מיטיילונגען, וואָס ווערן פונדעסטוועגן פאַרעפנטלעכט, באַקומען אָפט די סאַמע מערשונעריקע פאָרמען. זיי גיבן ניט קיין פאָרשטעלונג וועגן דער ברוטאַלקייט און דעם בלוטיקן טעראָר, וואָס שטעקט הינטער זייערע טרוקענע שורעס. א שטייגער דעם 10־טן אויגוסט 1935 ווערט מיטגעטיילט, אַז אין פאַרכים (אין מעקלענבורג) איז די גאַנצע אידישע איינוואוינערשאַפט (35 מאַן) געבראַכט געוואָרן אין שטאַט־טורמע, און קיין שום סיבע ווערט ניט אָנגעוויזן. אייניקע פאַרכימער אידן איז געלונגען צו אַנטלויפן צו די אידישע פאַמיליעס אין דער דערבייאיקער שטאָט האַגענאו, און נאָכדעם זיינען אויך אַלע האַגענאוער אידן אָפּגעפירט געוואָרן אין טורמע.

דעם 2־טן סעפּטעמבער 1935 ווערט מיטגעטיילט וועגן מאַסן־אַרעסטן צווישן דער אידישער באַפעלקערונג פון 12 שטעט אין באַדען, און דערביי ווערן די אַרעסטירטע אויך אין קיין זאַך ניט באַשולדיקט. פון וויסבאַדען ווערט מיטגעטיילט דעם 24־טן אויגוסט 1935, אַז „9 אַזייגער אין אָוונט האָט זיך אין שירשטיין געצומען זאַמלען א האַמוין פאַר די וואוינונגען פון 9 אידישע פאַמיליעס". די 9 פאַמיליעס זיינען גענומען געוואָרן אין „שוץ־אַרעסט". פון קעלן ווערט מיטגעטיילט לאַקאָניש דעם 19־טן יוני, אַז עס איז אַרעסטירט געוואָרן אַ אידיש פאַרפאָלק, „וואָס האָט געהאַט א פאַמיליען־שטרייט מיט אַן „אַריש" פאַרפאָלק, וואָס וואוינט אין דעם זעלבן הויז". פון האַמבורג קומט דעם 12 אויגוסט די איינגאַרטיקע ידיעה, אַז די פּאָליציי האָט פאַרמאַכט די קאָנטאָרן פון א פירמע, וואו עס האָט געאַרבעט א אידישער פערסאָנאַל, און נאָכדעם האָבן 6 אידישע אָנגעשטעלטע „צוליב זייער אייגענער זי־

כערקייט" געבעטן, מע זאָל זיי אַרעסטירן. דראָונג דעם לעבן און דעם פאַרמעגן, רעציכע און רויב לעגאַליזירט פון דער פּאָגראָם־פּאָליציי — דאָס שטייט הינטער אַלע אַזוינע מיטיילונגען און מיר האָבן געבראַכט נאָר ווינציקע ביישפּילן פון זיי.

טאָג־איין טאָג־אויס העצט די פּרעסע. דער „אידן־קענער" פאָדערט טויט־שטראָף פאַר „ראַסן־שענדער" און אַפילע פאַר אידן, וואָס זיינען טריי דעם אידישן גלויבן. דעם 24־טן יולי טרעט אַרויס שאַרף דער „פעלקישער בעאָבאַכטער" קעגן די קירך־אַנשטאַלטן פון דייטש־קרוין (אין פּאָמערן), ווייל זיי האָבן געפאָדערט, מע זאָל אַראָפּנעמען פונעם ראָטהויז אַ פּלאַקאַט, וואָס איז אויסגעשניטן געוואָרן פון דעם „שטירמער" און וואָס שילדערט דעם סאָטן אין געשטאַלט פון אַ אידן, אָנגעטאָן אין אַ מאָנאַכן־סוטאַנע.

דריי רעדאַקטאָרן פון פּראָווינץ־בלאַט „אייבאַכער קוריער" זיינען סאָף אויגוסט 1935 אַרעסטירט געוואָרן, ווייל — ווי די „פראַנקפורטער צייטונג" טיילט מיט — „אין דעם דאָזיקן בלאַט איז דערשינען אַ באַריכט וועגן אַ אידן־פיינטלעכער דעמאָנסטראַציע, וואָס האָט געקאָנט אָף אַ פאָלק־פאַרעטערישן אויפן אַרויסרופן מיטגעפיל צו די אידן".

מיר מוזן זיך דאָ באַגרענעצן מיט ווינציקע ביישפּילן. אַ שוואַך בילד פון דעם באַרבאַריזם, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין גאַנץ דייטשלאַנד, קאָן געבן די פאָלגנדיקע רעשימע פון די ערטער, פון וועלכע די אינטערנאַציאָנאַלע פּרעסע האָט מיטגעטיילט וועגן פּאָגראָמען און פּאָגראָם־אַרטיקע מאַיסים:

| | |
|---|---|
| **בראַנדענבורג** | **מיזרעך־פּרייסן** |
| בערלין | שילענען |
| רייסבערג | קעניגסבערג |
| לעמבערג | אַלענשטיין |
| פראַנקפורט־אַם־אָדער | גערדאַען |
| רידערסדאָרף | **דאַנציג** |
| קעפּעניק | דאַנציג |
| פרידריכסהאַגען | צאָפּאָט |
| ראַנסדאָרף | |

**פאמערן**
שווערט
שטעטין
בארט
מיזדרוי

**מעקלענבורג**
פארכים
האגענאו

**האנזע-שטעט**
האמבורג
ליבעק

**ריינלאנד**
דיסלדאָרף
וועסעלינג בא באָן
קעלן
קאָכעם
מעלעם

**מיטל-דייטשלאנד**
טאלע אין הארץ
נאָרדהאַוזען
האלע
אָסטעראָדע (הארץ)
הארצבורג

**זאקסן**
דרעזדן
ראדעבויל
כעמניץ

**מאין-געביט**
פראנקפורט-אם-מאין
ראסטנבורג
וויסבאדען

**העסען**
שליכטערן
דיץ-אַן-דער-לאַן
פון 13 אַנדערע ערטער האָבן מיר פריוואַט מעלדונגען וועגן פּאָגראָם-מאַיסים

**באדען**
מאנהיים
לודוויגסהאפען
היידלבערג

**פּראָווינץ האנאָווער**
האנאָווער
רויטנפעלדע

**שלעזיע**
ברעסלוי
בויטען
שווענטאָכלאָוויץ
פון 12 אַנדערע ערטער איז דאָ אַ סומאַרישער באריכט וועגן פּאָגראָמען און מאסן ארעסטן פון אידן

**בייערן**
מינכען

די דאָזיקע טאבעלע איז ווייט ניט פולקאָם. עס וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז דאָ זיינען פארהעלטניסמעסיק שטארק פארטראָטן די ערטער אין דער אומגעבונג פון בערלין. דאָ האָבן זיך די קאָרעספּאָנדענטן פון

דער וועלט־פּרעסע געקאַנט אינפאָרמירן דורך מינדלעכע מיטיילונגען און האָבן אַליין אויך וואָס געקאָנט זען. וואָס ווייטער די פּראָווינץ ליגט פון בערלין, אַלץ קאַרגער זיינען די באַריכטן. פון בייערן האָבן מיר נאָר יע־דיעס וועגן מינכען. פון פראַנקען איז קיין איין יעדיע וועגן א פּאָגראָם ניט געקומען אין דער פּרעסע. אַלץ, וואָס אין גאַנץ דייטשלאַנד איז גע־שען אין 1935 איז אין שטרייכערס מוסטערלאַנד דורכגעפירט געוואָרן שוין אין די יאָרן 1933 און 1934. אין דעם גרעסטן טייל ערטער איז פּאַשעט מער ניט געווען קיין אידן, וועלכע מע זאָל קאָנען שלאָגן. מע האָט זיי שוין לאַנג פאַרטריבן.

# אין שטרייכערס מוסטערלאַנד

## דער פאַלמען־זונטיק אין גונצהאַוזען

גונצהאַוזען איז אַ קליינע קרייז־שטאָט אין פראַנקען מיט מיטלאַלטערלעכע שטאָט־מויערן און מיט אַ קליינער גאָטישער קירך. די געגנט איז אָרעם.

קליינהאַנדל און האַנדל אפן דאָרף זיינען די הויפט־קוואַלן פון כאַיונע. אין די קריזיס־יאָרן גייען די געשעפטן שלעכט. פרעגט מען וועגן די סיבעס. די קירכע קאָן ניט געבן קיין ענטפער, וואָס זאָל צופרידנשטעלן. קיין אַנדערע אויטאָריטעטע אינסטאַנצן קען מען דאָ ניט. ווען דער דאָקטער קאָן ניט העלפן, גייט מען צום זנאַכער. און מע דערוויסט זיך שטענדיק אז אין אלץ זיינען שולדיק די אידן.

דער האַס צו דער אידישער קאָנקורענץ איז ניט קיין נייס אין דערדאָזיקער געגנט. נאָך דעם, ווי עס זיינען געפאַלן די מויערן פון גע[illegible] זיינען נאָך געבליבן ניט קענטיקע גרענעצן. מע פירט מיט אידן געשעפטן, וויל מע פאַרדינט דערביי. אָבער אין קריטישע צייטן פלעגן דאָ [illegible] פאָרקומען פאַרפאָלגונגען און עקסצעסן.

יוליוס שטרייכער איז פאַרבונדן מיט דעמדאָזיקן לאַנד דורך „בלוט און באָדן“. ער האָט געמאַכט פון פראַנקען אַ „מוסטערלאַנד“ פון אַנטיסעמיטיזם.

צום אָנהויב פון יאָר 1934 זיינען אין גונצנהאַוזען נאָך געווען 19

אידישע פאַמיליעס סאָכרים, האַנטווערקער, איינגעטימער פון האָטעלן, עס איז קלאָר, אַז די דאָזיקע 19 פאַמיליעס האָבן ניט געקאָנט לעבן איינע פון די אַנדערע. אין גונצנהאַוזען זיינען פאַקטיש געווען „אריער״. וואָס פלעגן קויפן באַ אידן, און צווישן זיי זיינען געווען אַזוינע, וואָס פלעגן קויפן דאַפקע באַ אידן, ניט נאָר קעדיי אַרויסצווייזן מיטגעפיל צו די פאַרשטויסענע, נאָר אויך אַלס אָפּאָזיציע צום רעזשים.

אין גונצנהאַוזען וואוינען אויך די עלטערן פון דעם שטורמאָוויקעס־פירער קורט בער, פון יוליוס שטרייכערס לייב־פאָן. קורט בער, אַן „אַלטער קעמפּפער״, איז שוין צוזאַמען מיט היינעסן געווען פאַרמישט אין אַ מאָרד־איניען. באַ די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן אינעם פראַנקען־קרייז האָט קורט בער געהאַט אַ גוטן נאָמען. אָבער אין דער „געזעלשאַפט״ פון זיין געבורטס־אָרט איז ער געבליבן דער שלימאַזל. באַ זיין לעצטן באַזוך איז אים אפילע אויסגעקומען צו הערן קריטיק און צווייפל אָפּן אדרעס פונעם „פירער״. „איר זייט אַלע אינגאַנצן פאַראידישט״, האָט ער געענטפערט. ער האָט געמוזט באַווייזן זיין מאַכט.

דעם פּאַלמען־זונטיק אינדערפרי איז קורט בער מיט זיינע שטורמאָוויקעס אריין קיין גונצנהאַוזען. די גאַסן זיינען געווען פול מיט מענטשן, וואָס זיינען געגאַנגען אין קירכע. קורט בערן און די זייניקע האָט מען באַוואונדערט און באַגריסט. אַף זיינע לאָזונגען האָט מען געענטפערט מיט אויסגעשרייען „הייל!״

דעמאָלט האָט קורט בער, אין דער שפּיץ פון דער פּראָצעסיע, אָפּגעגעבן אַ באַפעל. ער האָט געשיקט אָטריאַדן אין די הייזער פון די אידן. ער האָט געהייסן אויפברעכן טירן און פענצטער. די דערשראָקענע קאָרבאָנעס האָט ער געהייסן אויפזוכן אין די קעלערס און אַף די בוידעמער. ווען מען האָט געבראַכט צו שלעפּן די ערשטע„געפאַנגענע״, האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. די בעסערע בירגער האָבן זיך פאַרקליבן אין זייערע וואוינונגען. די „קאָמפּאַניע״ האָט געליאַרעמט נאָך העכער און האָט זיך געלאָזט מיט אַ מאַרש צום געמיינדע־הויז. דעם לעצטן שטיק וועג האָט איר אָנפירער געשלעפּט הינטער זיך אַ פרוי פאַר די האָר.

אינעם זאַל פון דעם געמיינדע־הויז האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דער יאַנטעוו. די שוצלאָזע מענטשן האָט מען געשמיסן און געפייניקט. די

גוואַלד־טאַטן און די דראָונגען האָבן אַף זיי אָנגעוואָרפן אַ טויט־שרעק. זייערע פרויען האָבן אַלץ געמוזט צוזען, מע האָט זיך איבער זיי איזדיע־קעוועט און מע האָט זיי געשלאָגן. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען געשיקערט, געזונגען און געשלאָגן. אינדערפרי האָט מען אין גונצנהאַוזען געפונען צוויי טויטע: דער 75־יאָריקער איד ראָזנפעלדער איז געלעגן אַף דער גאַס, די ברוסט צעשטאָכן מיט מעסערס. דער 30 יאָריקער איד ראָזענאַו איז געהאַנגען אַף אַ פּלויט פון אַ גאָרטן. אייניקע אידן זיינען אוועקגעקראָכן אַהיים פאַרבינדן זייערע וואונדן און ווידער ברענגען אין אָרדענונג זייער שטוב־ווירטשאַפט. אייניקע אידן האָט מען פאַרהאַלטן אַף ווייטער.

מאָנטיק זיינען אַלע אידישע געשעפטן געווען געשלאָסן. ערשט אין אָוונט איז דערשינען אַ פּאָליציי־קאָמאַנדע.

דער גונצנהאַוזענער פּאָגראָם וואָלט פאַרגעסן געוואָרן, פּונקט ווי אַ סאַך אַנדערע פּאַסירונגען, וואָס קומען אָפּט פאָר אין דער דריטער אימ־פּעריע, ווען די יעדיע וועגן דעם וואָלט ניט געקומען אין אויסלאַנד דורך דער טשעכישער גרענעץ. דעם 3־טן אַפּריל האָט דער „מאַנטשעסטער גאַר־דיאַן“ מיטגעטיילט, אַז אין גונצנהאַוזען איז אַ אידישער סויכער אַזוי שטאַרק געפּייניקט געוואָרן, אַז ער האָט זיך פון פאַרצווייפלונג אויפגע־האָנגען, אַ צווייטן אידן האָט מען געפונען אַ טויטן מיט 4 מעסער־וואונדן.

יוליוס שטרייכער, קורץ בערס נאַטשאַלניק, האָט אָבער געמאָלדן די ענגלישע זשורנאַליסטן אין נירנבערג (זע „פעלקישער בעאָבאַכטער“ פון 17־טן מאַי 1934): „מיינע הערן! איך דערקלער אייך גאַנץ קאַטעגאָריש, דאָ איז קיין איינציקער איד ניט אומגעבראַכט געוואָרן און קיין איין מאַרקסיסט ניט געהאַרגעט געוואָרן“.

## יוליוס שטרייכער און „דער שטירמער“

איבער פראַנקען הערשט יוליוס שטרייכער. אַלס שטאַטהאַלטער פון דעם „פירער פון דער אימפּעריע“ אַדאָלף היטלער, האָט ער זיין רע־זידענץ אין נירנבערג. זיין ווילן הערשט, און זיין וואָרט איז געזעץ. ער

רעדט צו זיינע אונטערטאנען דורך זיינע צייטונגען — די „פרענקישע טאגעסצייטונג" און דעם „שטירמער", וואס האט אן אונטער־טיטל „דויטש וואכנבלאט צום קאמף פארן עמעס". אין יעדן נומער איז אויף דער ערשטער זייט געדרוקט מיט גרויסע אויסיעס דער זאץ: „די אידן זיינען אונדזער אומגליק!" יעדער נומער כאזוערט איבער מיט דעם גרעס־טן דרוק־שריפט: „ווער עס קען דעם אידן, קען דעם טייוול!" — א לאָ־זונג, וואס שטרייכער באַרימט זיך מיט שטאָלץ, אַז ער איז זיין אויטאָר. איבעריקנס האָט שוין אדאָלף היטלער אליין אין זיין בוך „מיין קאמף" באַצייכנט די אידן אלס „טייוואָלאָנישע".

אין דעם „שטירמער" נומער 32 פון אויגוסט 1935 זאָגט שטריי־כער:

„דער איד איז די פאַרקערפּערטע דעגענעראַציע. זיין בלוט איז אַ געמיש פון אַ סאַך באַשטאַנדטיילן. אין די אָדערן פון דעם אידישן פאָלק צירקולירט דאָס בלוט פון דעם צאָפּן־געדמאַנישן מענ־טשן, פון דעם מאָנגאָל און פון דעם נעגער. אַזוי איז אויך דער אויסזען פון די אידן. פון יעדער ראַסע האָבן זיי טיפּישע סימאָנים. דעם זעלבן באַשטאַנד האָט זייער נעשאָמע: זי איז צעריסן, דיס־האַרמאָניש, ניט איידל. ווי דאָס בלוט, אַזוי די נעשאָמע! דעם אידנס נעשאָמע איז די סומע פון שלעכטע אייגנשאַפטן, וואָס זיי־נען איבער־גענומען געוואָרן פון אַנדערע ראַסן".

שטרייכערס בלאַט איז ניט קיין אָרטיקע זאַך. די דאָזיקע צייטונג איז פאַרשפּרייט איבער גאַנץ דייטשלאַנד, און דער הערשער פון פראַנקען פאַרדאַנקט די דאָזיקע ווירקונג און דעם דאָזיקן געשעפט זיין באַזונדער־ער ספּעציאַליטעט — דער פּאָרנאָגראַפיע. שטרייכער איז געוואָרן דער יורש פון די אַלע שמוץ־בלעטלעך, וואָס ספּעקולירן אויף דער ניט געזונטער ניי־געריקייט פון אַ מינדערווערטיק פּובליקום און וואָס האָבן אין די פריער־דיקע יאָרן געפירט אַ נעבעכדיקע האַלב־לעגאַלע עקזיסטענץ. היטלערס פרענקישער שטאַטהאַלטער האָט אין צייכן פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַ־ליסטישער מאָראַל מאָנאָפּאָליזירט פאַר זיך דעם פאַרקויף פון פּאָרנאָגראַ־פיע אין דייטשלאַנד.

„ראַסן־שאַנדע" און „ראַסן־שענדונג" — דאָס איז די הויפּט־טעמע

פונעם „שטירמער", און דערביי ווערט דאס קרימינעלע ווארט „שענדונג" אנגעווענדט פאר יעדער באציאונג צווישן אידן און ניט־אידן. אין יעדן נומער דערשיינען ארטיקלען וועגן געשלעכטלעכן פארקער און געשלעכט־לעכע עקסצעסן. דערביי ווערן מערסטנטייל מיטגעטיילט די פולע נעמען און אויך די אדרעסן פון די קארבאנעס פון אזא פובליציסטיק. „בארוך לאנגסנער, דער אויסוואורף פון ליבעק", „מאנפרעד נאטשאלק, דער קינ־דער־שענדער פון בערלין", „אלבערט הירשלאנד, דער ראסן־שענדער פון מאנדעבורג" — דאס זיינען די איבערשריפטן אין די נומערן פונעם „שטירמער" פון אויגוסט 1935. שטענדיק ווערט די פארנאגראפיע פאר־בונדן מיט דער אידן־העצע:

„צווישן אנדערן האט דער איד א שפאר ביסל נעגער־בלוט אין זיינע אדערן. זיינע געקרייזלטע האר, זיינע וואלפישע ליפן, די באפארבונג פון זיינע אויגן־עפל זאגן איידעם וועגן דעם, פונקט אזוי, ווי די אומדערזעטלעכע געשלעכט־גיריקייט, וואס שטעלט זיך ניט אפ פאר זיטן־פארברעכן און זעט איין איר העכסטן טריאומף אין דער ברוטאלער שענדונג פון פרויען פון אנדערע ראסן. די דא־זיקע כאיעשע גיריקייט באהערשט שוין דאס אידישע אינגל, ווי נאר עס ווערט רייף"...

אף זיכער ווערט באהויפט, אז די אידישע רעליגיע שרייבט פאר סעקסועלע פארברעכנס, און שטענדיק ווערן געבראכט געפעלשטע ציטא־טן פונעם טאלמוד:

„א ניט־אידישקע דארף מען באטראכטן נאר ווי א בעהיימע".

„יעדע ניט־אידישקע אין א הור, און א הור איז אויך יעדע אידישקע, וואס גיט זיך אפ מיט ניט־אידן".

„א ניט־אידיש מיידל, וואס איז אלט 3 יאר מיט 1 טאג, קאן געשענדעט ווערן".

די פראקטישע אנווענדונג פון אזוינע פעלשונגען זעט אויס אזוי:

„דער איד (נאמען און אדרעס) געהערט צו די פרעמד־ראסי־קע, וואס מיינען, אז זיי קאנען, ווי פריער, דורכפירן אומגעשטערט זייערע ראסן־שענדערישע מאיסים. ער באגייט זיך לויט דעם טאל־מודישן גרונט־קלאל פון זיין ראסע. אידישקעס זיינען פאר זיינע

געמיינהייטן צו גוט. אַלזאָ, שאַרט ער זיך צו ניט־אידישקעס. ניט־אידישקעס מעג מען, לויט דעם טאַלמוד, באַטראַכטן ווי בעהיימעס, דער איד קאָן זיי אַלזאָ רואיק שענדן און פאַרכאַזערן. די ניט־אידישקע, וואָס דער איד האָט זיך אויסגעזוכט — ער איז אַן עקלהאַפטיקער, קאַסאַקער, העסלעכער יונג — הייסט (נאָמען און אַדרעס). מיר וואָלטן זי ניט אָנגערופן באַם נאָמען, ווען די דאָזיקע דעגענערירטע נעבעכדיקע פרוי וואָלט זיך אָפּגעגעבן אַ כעשבן וועגן דער נייער צייט און וואָלט אַוועקגעוואָרפן דעם פרעמד־ראַסיקן. זי האָט עס אָבער ניט געטאָן. איר האַנדלונג איז אַ כויזעק איבער יעדן ראַסן־שטאָלץ און נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיין. דעריבער מוז מען זי שטעלן צום שאַנד־סלופּ".

דער „שטירמער" שיקט פאָטאָגראַפן אױף דער גאַס, לאָזט פאָטאָגראַפירן פרויען, וואָס האָבן אידישע באַקאַנטע אָדער, וואָס זיינען אַריינגעגאַנגען אין אַ אידיש געשעפט, און פאַרעפנטלעכט די בילדער. די אונטערשריפטן זיינען, צ. ב. אַזוינע: „די דאָזיקע יונגע פרוי האָט אויך געקויפט באַ אַ אידן, איר מאַן אַרבעט אין שטאָט־טעאַטער" אָדער „אינעם פּאָנעם פון דער און דער (נאָמען) שפּיגלט זיך אָפּ אומפאַרשעמטקייט און געוויסנלאָזיקייט, וואָס זיינען אין איר אַריינגעקומען דורך דעם פאַרקער מיט אידן". „אינעם פּאָנעם פון דעם אידן (נאָמען) שמייכלט די פרייד פון דעם טייוול" (נומ. 25 און 33 פון יאָר 1935).

נאָר אין קלאָזעט אָדער אינעם „שטירמער" קאָן מען לייענען אַזוינע פערזן:

„ווער ס'האָט אַזוינס געטאָן, איז שוין קיין פרוי ניט מער,
ווייל מיט אַ כאַזערטע קאָן נאָר אַ כאַזער האָבן אַ פאַרקער"

באַזונדערס גערן גיט זיך אָפּ דער „שטירמער" מיט געשלעכטלעכע אַנאָמאַליעס:

„מיט גרויסער אויפגעבראַכטקייט האָבן אונדז דערציילט די באַאַבאַכטער, אַז זיי האָבן צוגעקוקט שוין איבער אַ האַלבע שאָ, ווי דער איד (נאָמען) האָט זיך געוואָלט אונטערטעניק מאַכן אַ דייטשיש מיידל. מיר האָבן אויך אַריינגעקוקט דורך די שפּאַרונעס פון די לאָדנס. דאָס, וואָס מיר האָבן געזען, האָט אַרויסגערופן

אַף אונדזער פּאַנעם רויטקייט פון בושע און צאָרן. אין דעם קאָנ־טאַר־צימער, וואָס איז געווען מאַגיש באַלויכטן מיט רויטער ליכט, האָבן די געשלעכטלעכע אַנאָמאַליעס געפּראַוועט אָרגיעס..."
(„שטירמער" נומ. 4 יאַנואַר 1934).

שטענדיק באַזערן זיך איבער אַזעלכע אויסדרוקן, ווי „מיסגעבורויכט אַף אַ שוידערפולן, אומנאַטירלעכן אויפן", „אומגלויבלעכער פאַרשלאַג", „וואָס עס איז געשען, קאָן מען ניט באַשרייבן". אַזוינע אומבאַשטימטע אויסדרוקן ווערן באַנוצט ניט מאַכמעס געפיל פון שאַנדע, נאָר ווייל עס איז ניטאָ קיין מאַטעריאַל. ווייל אָבעראַמאָל און ווידעראַמאָל, יאָר נאָך יאָר, דערציילט דער „שטירמער" אַלץ איניינעם וועגן דעם „פּייניקונגס־איד שלאָס" און דעם „קרייציקונג־איד מייער":

„מייער האָט אַן אייגנאַרטיקע געוואוינהייט. ער האָט פאַר־פירט פון קינאָ, פון די פאַבריקן, פון מאַרק יונגע ניט־אידישע מיידלעך אין זיין וואוינונג. אין יאָר 1926 האָט זיך ארויסגעוויזן צו וועלכן צוועק ער האָט דאָס געטאָן. מייער האָט געהאַט אין זיין דירע איינגעאָרדנט אַ הילצערנעם קרייץ פון צוויי אַ האַלב מעטער די הויך. די מיידלעך פלעגט ער אָנשיקערן, דעמאָלט פלעגט ער זיי צובינדן נאַקעטערהייט מיט שטריק צום קרייץ. מיט אַ גאָלמעסער פלעגט ער זיי אויסשניידן קריסטוסעס וואונדן אַף דער ברוסט, אַף די הענט און אַף די פיס. אין אַזאַ צושטאַנד האָט אָטאָ מייער גע־שענדעט די מיידלעך... אין זיין וואוינונג האָט מען געפונען אַ גאַנצן ארסענאַל פון בייטשן, קאַנטשיקעס, קייטן, רימענס, שטע־קנס, און אַנדער פּייניקונג־געצייג. שלאָס האָט צענדליקער יאָרן געלאָזט פאַרפירן ניט־אידישע יונגע מיידלעך (צווישן דעם אַ סאַך מינדעריאָריקע) אין זיין וואוינונג. ער האָט זיך דערצו באַדינט מיט צוויי דרעסירטע מיידלעך. די קאָרבאָנעס פלעגט ער אָנשי־קערן און פלעגט זיי ווייזן שמוציקע שריפטן און בילדער. נאַקע־טערהייט פלעגט ער דעמאָלט בינדן די מיידלעך, שמייסן זיי און ענדלעך שענדן. דעם גרעסטן טייל פון די געשענדעטע האָט ער אויסגעברענט מיט גליענדיקע דראָט די איניציאַלן פון זיין נאָמען אַפן לייב".

אַט דאָס בלאַט קלעפּט אויס די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי עפנטלעך אין אַלע דייטשישע שטעט אַף באַזונדערע „שטירמער"־סלופּעס. לערער באַנוצן דאָס בלאַט אין די שולן צום אונטעריכטן „ראַסישע אויפ־קלערונג".

## „אַף דער טליע!"

„אידישע שיקורים אַף דער טליע", דערקלערט דער „שטירמער" זיינע לייענער די שטורמאָוויקעס, וואָס זיינען באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן און שטאַל־ריטער („שטירמער" נומער 6 פון 1934).

„דער געשיכטלעכער פּאַרקער פון אַ אידן מיט אַ ניט־אידישקע מוז באַשטראָפט ווערן מיט טויט־שטראָף", דערקלערט שטרייכער דעם 13־טן דעצעמבער 1934 פאַר די ריכטער פון פראַנקען (לויטן באַריכט פון דער „פרענקישער טאַגעסציייטונג"). דעם 14־טן יוני 1934 פאַרורטיילט דער אויסעראָרדנטלעכער געריכט פון נירנבערג אַ ניט־אידישע פרוי פון איי־נעם אַ אידן פון רענעמבאַך באַ שווייגאַל אַלס אַ „ראַסן־שענדערישע פרוי" צו פיר כאַדאָשים טפּיסע, ווייל זי האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם פאַרלאַנג פון אַ פירער פון אַ שטורעם־אָטריאַד. דער דאָזיקער אָטריאַד־פירער, וואָס איז אין ציוויל געווען אַ קוריער און פלעגט פאַנאַנדערטראָגן פּאַקעטן, האָט זיך דערלויבט קעגן דער אָנגעקלאָגטער, ווי דער געריכט דריקט זיך אויס מילד, „אייניקע קליינע פרייהייטן". פאַר זיין דערפאָלגלאָזיקייט און פאַר די האַרבע ווערטער, וואָס ער האָט געמוזט אויסהערן, האָט ער זיך נויקעם געווען דערמיט, וואָס ער האָט זי פאַרמאַסערט, באַשולדיקט אין „זידלען די דייטשישע רעגירונג, אירע מאָסמיטלען און דעם פירערס פּער־זאָן". שטרייכערס „פרענקישע טאַגעסציייטונג" ענדיקט איר אויספירלעכן באַריכט וועגן דעם פּראָצעס מיט דער דראָונג:

„נאָכן אָפּקומען איר שטראָף, וועלן איר ניט שאַטן אייניקע כאַדאָשים אין אייכאַך (קאָנצענטראַציע־לאַגער)".

## דער אידישער מאָרד-פּלאַן קעגן דער ניט-אידישער מענטשהייט

אין אייניקע וואָכן אַרום נאָך דעם פּאָגראָם אין גונצנהאַוזען איז

דערשינען אין אן עקסטרא־אויפלאגע פון 150 טויזנט עקזעמפליארן און שנעל נאך א ברייטער פראפאגאנדע פארשפרייט געווארן צווישן די מאסן א ספעציעלער נומער פונעם „שטירמער" מיט דער סענסאציאנעלער איבערשריפט:

**אויפגעדעקט א אידישן מארד-פלאן קעגן דער ניט-אידישער מענטש-הייט!**

דער אינהאלט פון דער דאזיקער פובליקאציע שטייגט אריבער יעדע אנטיסעמיטישע העצע, יעדע פאגראם־ליטעראטור, וואס איז ווען־עס־איז און וואו־עס־איז געדרוקט געווארן. אין א שיידים־טאנץ פון פעלשונג־קונצן און בילבולים ווערן ארויסגעשלעפט פון דער פינצטערניש פון די פריערדיקע יארהונדערטער די גראבסטע ליגנס וועגן קלוימערשטע „ריטועלע מארדן" פון די אידן.

די אידן ווערן פאשעט דערקלערט אלס מערדער. שוין אין די ערשטע אבזאצן פונעם פאמפלעט מוזן זיינע אויטארן אנערקענען, אז דער בלוט־בילבל האט ניט קיין מינדסטן פאקטישן יעסאד:

„די יעדיעס וועגן דעם אידישן ריטועלן מארד זיינען שוין אלט טויזנטער יארן. זיי זיינען פונקט אזוי אלט, ווי די אידן אליין. די ניט־אידן האבן דאס באקומען בעקאבאלע פון דאר צו דאר. מיר האבן דאס באקומען דורך שריפטן. די דאזיקע יעדיעס זיינען אויך פאראנען צווישן דער ברייטער פאלקסמאסע. אין די סאמע פארבארגענע פויערים־דערפער שטויסט מען זיך אן אף די דאזיקע יעדיעס. דער זיידע האט וועגן דעם גערעדט מיט זיין אייניקל, און יענער ווידער האט עס ווייטער איבערגעגעבן צו קינדער און קינדס־קינדער. אזוי איז עס איבערגעגאנגען בעירושע ביזן היינטיקן טאג".

בלוטיקע באבעמאיסעס, וואס ווערן באפוצט מיט דער גאנצער נידערטרעכטיקייט פון דער סאדיסטישער פאנטאזיע:

„פאַרבאַנעם פון די ריטואַל־מאָרדן זיינען דערוואַקסענע ניט־אידן... דער פורים־מאָרד איז מערסטנטייל אַן אויסגעשפּראָכענע שכיטע, דער פּייסעך־מאָרד דאַקעגן איז אַן אויסגעשפּראָכענע פּייניקונג ביז צום טויט".

פון קלוימערשטן „מוידע זיין זיך", פון „דערציילונגען און מוידע זיין זיך פון אידן גופע" ווערן צוזאַמענגעשטעלט „7 פּונקטן", וואָס דער לעצטער פון זיי האָט אַזאַ טעקסט:

(פּונקט 7). „דעם ריטועלן מאָרד און דאָס בלוט־מיסטעריום אנערקענען אַלע טאַלמוד־אידן און זיי פּראַקטיקירן דאָס אויך, אַף וויפל דאָס איז מעגלעך. דער איד האַלט, אַז דערמיט רייניקט ער זיך אָפּ".

צום סאָף קומט אַ ליסטע פון 131 קלוימערשטע ריטועלע מאָרדן, אַ זאַמלונג פון די סאַמע פינצטערע קוועלן פון דער אַנטיסעמיטישער ליטע־ראַטור, דערגאַנצט מיט אייניקע נייע פאַלן פון סעקסועלע פאַרברעכנס, וואָס ווערן פאָרגעשטעלט אַלס ריטועלע מאָרדן אַן דעם מינדסטן שיין פון באַווייז.

## „מיר פאָדערן אידיש בלוט און גוטס"

דער „שטירמער" נומ. 42 פון אָקטאָבער 1934 ברענגט אונטערן קעפּל „דערמאָרדונג פון אַ אינגל אין קסאַנטען באַם ריין" אַ קלוימערשטן פאַל פון אַ ריטועלן מאָרד פון דעם יאָר 1891, וואָס איז דעמאָלט באַהאַנדלט געוואָרן אין דעם געריכט פון געשוואָרענע ריכטער אין אַאכען און האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס דער אָנגעקלאָגטער איד איז פריי־געשפּראָכן געוואָרן. דער דירעקטער צוועק פון פּובליקירן די דאָזיקע מאַי־סע איז פאַרשפּרייטן אייניקע פערזן, וועגן וועלכע דער „שטירמער" דער־ציילט, אַז בעיים דעם אַאכענער פּראָצעס האָט מען זיי געזונגען און איצט „לעבן זיי ווידער אויף אינעם פאָלק". די דאָזיקע „אויפגעלעבטע" פערזן הייסט דער „שטירמער" פאַרשפּרייטן צווישן די קינדער:

„אידן זיינען זינדער (זינדיקע)
שלאַכטן קריסטן־קינדער,

שניידן זיי אָפּ די העלדזער, —
די פאַרפלוכטע אידן".

אין איינעם פון די ווייטערדיקע נומערן געפינען מיר פאָלגנדיקע פערזן:

„אידישע הענט זיינען באַשמוצט מיט קריסטן־בלוט.
מיר פאָדערן אידיש בלוט און גוטס!
דאָס פאָלק פאַרלאַנגט, אַז פון איצט אָן
זאָל מען מיט יעדן איד קאָנען טאָן וואָס מע וויל".

אין נומער 48 פונעם „שטירמער" ווערן צוויי סעקסועלע פאַר־ברעכנס, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן אין הארבסט 1934 אין ציריך, פאַרבונדן מיט דעם ציאָניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען.

אין נומער 50 פונעם „שטירמער" דערשיינען „צען געבאָטן". צווי־שן די דאָזיקע געבאָטן געפינט זיך אַזאַ:

„לאָז גיין דיין קינד אין אידישע הייזער —
ניט יעדן טאָג קומט פאָר אַ ריטועלער מאָרד".

דאָס איז די אַטמאָספער, אין וועלכער ס'האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער פּאָגראָם אין גונצנהאַוזען. דאָס איז די אַטמאָספער, אין וועלכער די אידן זעען ניט קיין אַנדער ברייירע, אויסער אַנטלויפן, וואו די אויגן טראָגן.

## דער אַנסבאַכער פּראָצעס

דעם 16־טן יוני איז אין אַנסבאַך פאָרגעקומען אַ פּראָצעס פון די פּאָגראָמשטשיקעס פון גונצנהאַוזען.

ניט צום ערשטן מאָל איז דער העלד פון גונצנהאַוזען, קורט בער, געשטאַנען פאַרן געריכט, אָנגעקלאָגט אַלס מערדער. מיט 14 יאָר צו־ריק, אין יולי 1920, איז אין קערבערנער וואַלד בײַ ראָזנפעלד, אין פּאָ־מערן, דערהאַרגעט געוואָרן דער דאָרפישער אַרבעטער ווילי שמיט. דער־הארגעט האָבן אים דער לייטענאַנט עדמונד היינעס מיט דער הילף פון־נעם אונטער־אָפיציר קורט בער און פינף אַנדערע העלפער. אין 8 יאָר אַרום, ווען דעם דאָזיקן פאַל האָט באַטראַכט דער געריכט פון די גע־

שוואַרענע ריכטער אין שטעטין, האָט בער דערקלערט, אַז ער האָט מיט־געמאַכט דעם מאָרד נאָר אויס מוירע. בײַ דער אַפּעלאַציע־פאַרהאַנדלונג אין מערץ 1929 איז ער פאַרמישפּעט געוואָרן צו 6 כאַראַשים טפּיסע. צי בער איז אָפּגעזעסן די 6 כאַראַשים, דאָס איז ניט באַוואוסט.

דער פּראָצעס קעגן קורט בער און די אַנדערע פּאָגראָם־העלדן אין אַנסבאַך האָט געהאַט פאַר אַ ציל ניט צו פאַראורטיילן די מערדער, נאָר צו באַווייזן אויסלאַנד, אַז „עס איז ניט געווען קיין פּאָגראָם". דער פּראָצעס איז נאַטירלעך דורכגעגאַנגען אין אַלגעמיין אַזוי, ווי ער האָט געדאַרפט דורכגיין. דער „טויט־פאַל" פון די אידן ראָזנפעלד און ראָזענ־האַו איז באַהאַנדלט געוואָרן זייער דיסקרעט. בײַ דער גרויסער צאָל אײדעס און אָנגעקלאָגטע, האָט זיך דעם געריכט ענדלעך איינגעגעבן צו פאַרוואַנדלען די קלאָרע, אומצווייפלהאַפטע געשעעניש, אין אַ ברייט צעצווייגטער נעץ פון מער אָדער ווייניקער שולדהאַפטיקע, מער אָדער ווייניקער ספּאָנטאַנע איינצל־אַקטן. אונטערן דרוק פון זייער עלנט, אונ־טער דער פּויסט פון טעראָר זיינען די אידישע אײדעס געווען וואַקל־דיק און ניט זיכער אין זייערע דערקלערונגען. אייניקע פון זיי האָט מען אין דער צווישנצייט באַזונדערס באַאַרבעט און באַדראָעט. אַזוי אַרום איז דער איניען אין מעשעך פון דער 5 טאָגיקער פאַרהאַנדלונג צעשפּלי־טערט און פאַרפּלאָנטערט געוואָרן. די אײדעס זיינען געוואָרן אָנגעקלאָג־טע, די אָנגעקלאָגטע — אײדעס. אָבער גאָר אומגעריכט האָט זיך אויפ־געהויבן אַ דרייסטע שטים. דער איד סימאָן שטרויס פון גונצנהאַזען און זיין זון האָבן מוטיק דערקלערט, אַז קורט בער און זיין באַנדע האָבן פּאָגראָמירט, און אַז די אידן ראָזנפעלדער און ראָזענהאַו זיינען בעיסן פּאָגראָם דערהאַרגעט געוואָרן.

דער געריכט איז פון דער דאָזיקער דערקלערונג ניט געקומען אין פאַרלעגנהייט, אָבער ווי דאָס זאָל ניט זיין, האָט ער שוין געמוזט אײ־נעם אורטייל אָנערקענען, אַז אין גונצנהאַוזען זיינען אין יענעם טאָג פאָרגעקומען „געוויסע פאַלן פון רעכטברוך מיצאַד אייניקע עלעמענטן". די אָנגעקלאָגטע זיינען פונדעסטוועגן פרייגעשפּראָכן געוואָרן, און דער געריכט־אורטייל האָט „פעסטגעשטעלט", אַז עס איז ניטאָ קיין שום ספק, אַז די סיבע פון ביידע טויט־פאַלן איז געווען זעלבסטמאָרד".

דער איד סימאָן שטרויס און זיין זון האָבן באַצאָלט פאַר דער דרייסט־קייט:

דעם 14־טן יולי האָט קורט בער באַזוכט זיינע עלטערן אין גונצנ־האוזען. שפּעט אין דער נאַכט איז בער אוועק צום הויז פונעם סויכער סימאָן שטרויס, איז אריינגעדרונגען אין דער וואוינונג און האָט גע־שאָסן דיביידע אידן, וואָס האָבן קעגן אים געגעבן דערקלערונגען אפן געריכט.

דאָס קליינע שטעטל גונצנהאוזען איז אָבער שוין געווען באַקאַנט דער וועלט־פּרעסע. מוירע האָבנדיק פאַר דעם איינדרוק אין אויסלאַנד, האָט די פאַרטיי באַשלאָסן זיך אָפּצוטרייסלען עפנטלעך פון קורט בער. דער לאַנגיאָריקער שטורעם־פירער און „אַלטער קעמפער" קורט בער ווערט פלוצלינג אינעם פּאָליציי־באַריכט דערקלערט אַלס „אַ שיקער", „אַ שלימאזל", וואָס „איז שוין לאַנג אויסגעשלאָסן פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פאַרטיי".

אַזוי איז געשטאַנען געשריבן אין דער געריכט־כראָניק פון דער „פרענקישער טאַגעסצייטונג". אָבער אינעם פּאָליטישן טייל פון דער צייטונג ווערט מיטגעטיילט מיט טריאומף, אַז גונצנהאוזען איז איצט אויך געוואָרן „אידן־פריי".

## שטרייכערס טאַלמידים שרייבן

יוליוס שטרייכערס געשעפט מיט אַנטיסעמיטישער פּאָרנאָגראַפיע רופט אַרויס נאָכפאָלגער. זיינע טאַלמידים אין די רעדאַקציעס פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּראָווינציעלער פּרעסע האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. אין אַ סאַך בלעטער האָט מען געקענט לייענען באַריכטן וועגן „אידישע פאַרפירער" און „ראַסן־שענדער". אַ שטייגער אינעם מאַנהיימער „האַקנקרייצבאַנער" פון 11־טן אָקטאָבער 1934 געפינען מיר אַ קלוימערשטן טאָגבוך פון אַ אידישן סויכער מיט אַ לאַנגער רעשימע מיידלעך, וואָס האָבן אַלע געזאָלט פאַרפירט ווערן. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אידישע סאָכרים קענען טאַקע אָפּטמאָל מיידלעך און פאַרשרייבן זייערע אַדרעסן, אָבער פאַרפירן זיי ניט. אין עטלעכע וואָכן

ארום האָט די צייטונג געמוזט דערקלערן, אז די מיידלעך, אף וועלכע זי האָט אויסגעטראַכט א בילבל, „האָבן מיט די אידן אין זין פון אונדזער מיטיילונג גאָרניט געהאַט צו טאָן".

דער „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פארלאַג „דויטשע קולטור־וואַכטע" אַן אָפיציעלער פארלאַג פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט געפּרואווט דערהגרייכן שטרייכערס גרויסע געשעפט־דערפאָלגן אינעם בוך־פּארקויף. דאָ איז דערשינען אין צוויי בענדער דאָס באַקאַנטע פּאָגראָם־ווערק אי. אי. ליוטאָסטאַנסקיס „די אידן אין רוסלאַנד, אידישע ריטועלע מאָרדן אין רוסלאַנד". אין דעם אריינפיר צום בוך ווערט געזאָגט:

> „מיר ווילן ווייזן, אַז דאָס אידישע פאָלק, וואָס האַלט זיך צוזאמען, ווי פעך און שוועבל, באַגייט נאָך היינט ריטועלע מאָרדן... אָבער מע דאַרף ניט מיינען, אַז נאָר אין רוסלאַנד זיינען פאָרגעקומען ריטועלע מאָרדן, אין דייטשלאַנד זיינען ביז דער לעצטער צייט אויך באַגאַנגען געוואָרן ריטועלע מאָרדן... וויפל ריטועלע מאָרדן האָט געקאָנט פאַסירן נאָך דעם 9־טן נאָוועמבער 1918..... ווען די אידן האָבן פאַרנומען א פּריווילעגירטע לאַגע אַלס מעלוכע־בירגער פון ערשטן קלאַס און דער פּאָליציי איז דירעקט פאַרבאָטן געוואָרן אויפצודעקן אידישע פאַרברעכנס... וויפל קינדער פון דייטשישע עלטערן זיינען אָפט פאַרשוואונדן געוואָרן"....

די זעלבע פירמע, וואָס האָט שוין מיט יאָרן צוריק ארויסגעגעבן די מאָרד־העצערישע בראָשור „אידן קוקן דיך אָן", גיט אַרויס דעם בוך „דער איד אַלס ראַסן־שענדער". דער אויטאָר, דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסט קורט פּלישקע, און דער אָפיציעלער פארלאַג ווידמען מיט רעכט דעם בוך יוליוס שטרייכערן. דער בוך איז א זאַמלונג פון פּאָרנאָגראַפישע שילדערונגען פונעם „שטירמער" אילוסטרירט מיט פיל פּאָרנאָגראַפישע בילדער און דערגאַנצט מיט אייניקע אַנדערע שילדערונגען.

דאָ געפינט מען ווידער „דעם פיינקונגס־איד שלאָם". די סאַדיסטישע דערציילונג ווערט דערביי צוגעפּוצט מיט א נייעם ניואַנס, אַז די מיידלעך, וואָס ער זאָל האָבן „געשענדעט", האָבן געמוזט „טראָגן אין

מויל אַ הונט־בייטש". אַכוץ דעם געפינען מיר אַמאָל אין דעם בוך אויך „ניים":

„דער איד אָסטער האָט פריער געוואוינט אין קאָנסטאַנטען אַפן ריין; קיין איין דייטשיש מיידל איז ניט געווען זיכער, אז זי וועט אויסמיידן זיין מיעסע טאַיווע. אין דער וואוינונג פונעם אידן אָסטער איז געהאנגען אַ בילד, אפן בילד איז געווען אויסגעמאָלט אַ בלומען־וואזע. אין דער בלומען־וואזע האָט געשטעקט אַ שטרויס. די פעדערן פון דעם שטרויס האָבן פאַרגעשטעלט די קעפּ פון די מיידלעך פון קאָנסטאַנטען, וועלכע דער איד האָט פאַרפירט און געשענדעט. עס איז געווען אַ גאַנצער בוקעט. איבער דעם דאָזיקן דאָקומענט פון אידישער ראַסן־שענדונג האָט געשוועבט אַ פילפאַרביקער שמעטערלינג. זיין קאָפּ האָט געהאַט די שטריכן פון דעם אידן אָסטער..."

ווען דעם פלישקע פעלט אויס פאַנטאַזיע, באַנוצט ער זיך מיטן אויסגעפּרואווטן אויפן פון שילדערונג:

„די ביורא איז אויסגעשטאַט מיט אייגנאַרטיק מעבל: מיט ווייכע פאָטעלן, שעזלאָנגען, דיוואַנען א.א.וו. די אידן קומען יעדן טאָג אין דער דאָזיקער אַזויגערופענער קאָנטאָר. דאָרטן, אויבן, אַפן פינפטן שטאָק, איז אַלץ שטיל. דאָ הערט מען ניט קיין געשריי... זיי זיינען זעלטן ווען אַליין... יעדן טאָג ווערן אַרויפגעפירט פרויען אָדער מיידלעך אין עלטער פון 20 ביז 22 יאָר. וואָס עס קומט מיט זיי פאָר, ווייסט קיינער ניט... אַזוי זיינען אַרויפגעפירט געוואָרן אויבן אין מעשעך פון יאָר פון 200 ביז 300 ניט־אידישע מיידלעך צו צוויי אידן!"

„וואָס עס קומט פאָר, דאָס ווייסט קיינער ניט" — דאָס זיינען די אַרגומענטן פון דער פּאָגראָם־העצע, וועלכע ענדיקט זיך מיט די פאָלגנדיקע זאַצן:

„דעריבער דאַרף מען שאַפן פאַרן דייטשישן פאָלק אַ ראַסן־שוצגעזעץ. דער פאַרברעכן פון ראַסן־שאַנדע דאַרף באַשטראָפט ווערן מיט טויט — און טאַקע מיט טויט דורך הענגען".

ביז דעם נירנבערגער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, וואָס האָט אַרויסגעגעבן

די געזעצן וועגן דער „ראסן־שאַנדע", איז די פּראָגראַם העצע געשטיגן פון כוידעש צו כוידעש.

אָט זיינען די קעפּלעך פון איינציקער ציַיטונג „דער האַקנקרייצ־באַנער", וואָס גייט אַרויס אין מאַנהיים, אין משך פון אויגוסט־סעפּטעמבער 1935:

1 אויגוסט „אַ היידלבערגער איד אַלס ראַסן־שענדער.
3 „ „אַרעסטירט אַ אידישן דאָקטער מיט זיין אידישער געליבטער".
10 „ „אַרעסטירט אַ אידישן ראַסן שענדער"
13 „ „אידישע סאַדיסטן און ראַסן־שענדער".
22 „ „ראַסן־שענדער ווערן אויסגעראָטן".
23 „ „ווידער אַרעסטירט פילע אידישע פאָלקס־פאַרשמוצער".
26 „ „ראַסן־שענדער אין שוץ־אַרעסט".
28 „ „דער ראַסן־שענדער מאַך אין שוץ־אַרעסט".
5 סעפּטעמבער. „צוויי אידישע אויסוואורפן".
10 „ „ראַסן־שענדער ווערן אויסגעראָטן".
11 „ „ראַסן־שענדער!"
17 „ „אַ איד פאַרגוואַלטיקט אַ 12 יאָריק מיידל".
18 „ „פינף ראַסן־שענדער געבראַכט קיין קיסלאַו".
20 „ „צוויי ראַסן־שענדער געטויט!"

## שטרייכערס טאַלמידים אַרבעטן

עס בלייבט ניט באַ ווערטער אַליין. די צאָל פון די געוואַלט־אַקטן קענען די אידן אין דער „רוויאיקער" צייט פונעם יאָר 1934 קאָן ניט באַ־רעכנט ווערן, ווייל דאָס פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטעריום, די געהיימע מעלו־כע־פּאָליציי און די צענזור טוען אַלץ, וואָס מעגלעך, קעדיי צו פאַר־שמירן די געשעענישן. אָבער די כראָניק פון די פאַלן, וואָס זיינען אונדז באַוואוסט, גיט אַ באַגריף פון דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען. באַם דורכקוקן דעם מאַטעריאַל ווייזט זיך אַרויס, אַז די גרעסטע געוואַלט־אַקטן איז פאָרגעקומען אין די געגנטן, וואו דער „שטירמער" איז באַ־

זונדערס שטאַרק פאַרשפּרייט, אין די פּראָווינצן — פראַנקען, שוואַבן, עסען, אין נידער־ריין, אין פּאָמערן און אין שלעזיע. דאָ שלעפּט מען שטענדיק דורך די גאַסן „ראַסן־שענדער" און מע שלאָגט זיי, ווי דער „שטירמער" אַליין באַריכטעט וועגן דעם אָפּט מיט טריאומף. אין די קליינע שטעטלעך קומען פאָר פּאָגראָמען. מע דערוויסט זיך וועגן זיי אָפּטמאָל נאָר פון באַריכטן פון די דייטשישע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן וואָס צאָלן אויס פאַר אייניקע שאָדנס. אױף אַזאַ אופן איז מען געוואָר געוואָרן וועגן די פּאָגראָמען אין ניי־געדעל און אין ארנסוואַלדע סאָף פעברואַר 1934.

דעם 24־טן פעברואַר 1934 אין אָוונט זיינען אין ארנסוואַלדע (פּאָמערן) אַלע הייזער, וואו עס האָבן געוואוינט אידן, אַלע אידישע געשעפטן, די שול און דאָס געמיינדע־הויז פּלוצלינג, „ווי לויט אַ געגעבענעם צייכן", באָמבאַרדירט געוואָרן מיט שטיינער. אין אַ סך אידישע וואוינונגען האָט מען געשאָסן דורך טירן און פענצטער. אין ערגעץ איז ניט געבליבן גאַנץ אפילע איין שויב. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך די שטורמאָוויקעס אריינגעריסן אין הויז פון דער אידישער געמיינדע, אין דער סינאַגאָגע און אינעם הויז פונעם ראַוו, האָבן באַרעוו געמאַכט די אינעווייניקסטע אויסשטאַטונג. די גאַנצע נאַכט איז די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג געהאַלטן געוואָרן אין טויט־שרעק. אױף מאָרגן איז דער גרעסטער טייל אידישע איינוואוינער אנטלאָפן פון ארנסוואַלדע, איבערלאָזנדיק זייער גאַנץ פאַרמעגן, — אנטלאָפן, קעדיי מער ניט צו־ריקצוקערן אהין. דער קאָרעספּאָנדענט פון „דיילי עקספּרעס" טיילט מיט אין אַ באַריכט וועגן די רעדיפעס אױף אידן אין דייטשלאַנד (25־טן מאַי 1934), אַז „אױף מאָרגן נאָכן פּאָגראָם האָבן די קינדער פון די נאַציאָנאַל סאָציאַליסטן ראַבירט דאָס, וואָס האָט זיך געפונען אין די צעבראָכענע וויטרינעס, און דערביי האָבן זייערע עלטערן און לערער רואיק צוגעקוקט דאָס".

אויב אַזוינע געשעענישן געפינען ביבלאַל וועלכע־עס־איז אָפּשפּיגלונג אין דער דייטשישער פּרעסע, זעט עס אויס אױף אַזאַ אופן, ווי די מיטיילונג אין דער ווירצבורגער „מיין־פרענקישער צייטונג" פון אנהויב סעפּטעמבער 1934:

„צו אומדערלויבטער זעלבסטהילף האָבן זיך גענומען אין די באַגינען־שאָען די היגע איינוואוינער, וועלכע פלעגן אויפגעוועקט ווערן פון שלאָף דורך די צו גרויסע געשרייען פון אידישע פּי־הענדלער... דער אידישער פּי־הענדלער הירש האָט באַקומען אַ פּסאַק פאַר זיין פרעכקייט, ער האָט זיך געמוזט ווענדן צו אַ דאָקטער. איבער דעם דאָזיקן פאַל קורסירן די ווילדסטע יעדיעס, און מע מוז זיך נאָר וואונדערן, וואָס די אידן האָבן נאָך אַזויפיל מיטפילנדיקע פריינט...״

מיר וועלן ברענגען נאָך איין פאַל.

מיר קאָנען ניט אָנרופן דעם נאָמען און די דאַטן, ווייל מיר ווילן ניט שטעלן די מענטשן אין געפאַר. עס איז פאָרגעקומען אַ מאָרד „אַלס נעקאָמע פאַר ראַסן־פאַראַט״. די טרונע פון דעם קאָרבן איז איבערגעגעבן געוואָרן זיין פאַמיליע בא דעם באַדינג, אַז קיינער זאָל זי ניט עפענען. די קרויווים האָט דאָך געעפנט די טרונע און האָבן געפונען ניט נאָר דעם טויטן, — אים איז געווען גאָרניט צו דערקענען — זיי האָבן געפונען אין דער דאָזיקער פלאָמבירטער טרונע, וואָס מע האָט פאַרבאָטן צו עפענען אונטער דער דראָונג פון טויט, דעם מערדערס אַ צעטעלע:

„דו אַלטער אידישער כאַזער, דו וועסט מער קיין דייטשיש מיידל ניט אָנרירן! אַ בריוו צו די ווערעם״.

עס איז אַ „פאָרגעשריבענער״ טעקסט, דער „שטירמער״ האָט אים געדרוקט וואָך־איין, וואָך־אויס יאָרן לאַנג.



**אַ אידן־העצערישע אילוסטראַציע פונעם „שטירמער״**

„דער שטירמער"

Ritualmord-Nummer

# Der Stürmer

Deutsches Wochenblatt zum Kampfe um die Wahrheit

HERAUSGEBER: JULIUS STREICHER

Nürnberg, im Mai 1934 — 1934

# Jüdischer Mordplan

## gegen die nichtjüdische Menschheit aufgedeckt

### Das Mordvolk

### Judenopfer

## Die Juden sind unser Unglück!

„אופגעדעקט דעם אידישן מארד-פּלאן קעגן דער ניט-אידישער מענטשהייט".

א נומער ספּעציעל וועגן „אופדעקן" די אידישע ריטואל-מאָרדן.

# דער ווירטשאפטלעכער פאגראם

## 1. אידן-ריינע ווירטשאַפט

### דער אַנהויב פון דער גזיילע

די אַרויסשטויסונג פון די דייטשישע אידן, וואָס זיינען געווען טע־טיק אין די ליבעראַלע פּראָפעסיעס אַלס קינסטלער, דאָקטוירים, אדוואָ־קאַטן אָדער באַאַמטע, איז גיך דערגרייכט געוואָרן דורך די „אַריער"־פּאַראַגראַפן און די פאַרשיידענע טעראָר־מאָסמיטלען. די שטעלעס, וואָס זיינען אַזוי אַרום פריי געוואָרן, האָבן אָבער ניט געקאָנט צופרידנשטעלן דעם אַפּעטיט פון די „אַלטע קעמפער". עס הויבט זיך אָן די פולשטענ־דיקע באַזייטיקונג פון „ניט אַריער" פון דעם גאַנצן ווירטשאַפטלעכן לעבן. דאָ איז געווען וואָס צו געווינען! ברייטע פּערספּעקטיוון האָבן זיך געעפנט פאַר אַרישע בענק, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין געלט, פאַר אַרישע אינדוסטריעלער, וואָס זיינען געשטאַנען ערעוו באַנקראָט און האָ־בן געכאַלעמט וועגן ביליקן קרעדיט, פאַר „אַרישע" אונטערנעמער און סאָכרים, וואָס האָבן געוואָלט פּאָטער ווערן פון דעם פאַרהאַסטן אידישן קאָנקורענט.

די רעגירונג האָט אויסגערעכנט קאַלט און ברוטאַל, אַז די סיסטע־מאַטישע עקספּראָפּריאַציע פון דעם אידישן פאַרמעגן, די דורכפירונג פון דעם „קאַלטן־פּאָגראָם" איז אַן אַנטשיידנדיקע פאָרויסזעצונג פון דער פאַרפעסטיקונג פון איר מאַכט. אין דער צייט, ווען שטרייכער האָט גע

ליאַרעמט אין פאָדערגרונט, העצנדיק די „אַרישע פאָלקסמאַסן", האָבן היטלער, געבעלס און שאַכט אין הינטערגרונט געצויגן די פעדעם און געפירט די פּאָליטיק אַזוי, ווי עס האָט אַנטשפּראָכן יעדעס מאָל די אינערלעך־פּאָליטישע באַדערפעניש פונעם רעזשים. דער שיינבאַרער זיגזאַגקורס פונעם היטלערישן רעזשים בענעגייע די אידן, די פאַרענדערלעכע מעטאָדן זיינען אין דער ווירקלעכקייט די קאָנסעקווענטע פאַרבינדונג פון טעראָר, פון „ספּאָנטאַנע" איינצל־אַקטן, פון בויקאָט, מיט דער לאַנגזאַמער פאַרניכטונג אָן קענטיקע געוואַלט־מאָסמיטלען, אָן שיסעריי און שכיטעס — אַ פאַרניכטונג, וואָס וואַרפט זיך ווייניקער אין די אויגן, אָבער וואָס ווערט דורכגעפירט אַף אַ גרינטלעכן און שטרענג באַרעכנטן אופן.

דער אָפיציעלער בויקאָט האָט געדויערט נאָר איין טאָג. דער דאָזיקער טאָג, דער 1־טער אַפּריל 1933, איז געווען דער אָנהויב פון אַ קאַמפּאַניע, וואָס ציט זיך כאַדאָשים און יאָרן. זינט דעם בויקאָט „אַף איין טאָג" איז אין דייטשלאַנד ניט פאַרגעקומען קיין טאָג אָן אַ בויקאָט. די גרויסע אידישע פירמעס, וואָס זיינען וויכטיק פאַר דער גאַנצערווירטשאַפט, האָבן דעם דאָזיקן בויקאָט־טאָג געקאָנט אויסהאַלטן. דאָס, וואָס אידישע אָנגעשטעלטע זיינען דערביי אין די טויזנטער אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אַף דער גאַס, דאָס, וואָס קליינע אידישע הענדלער און האַנטווערקער אין דאָרף און אין די קליינע שטעטלעך זיינען דערביי ווירטשאַפטלעך רואינירט געוואָרן — דאָס האָט די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם בויקאָט ניט געאַרט.

דעם 7־טן אַפּריל 1933 האָט דר. געבעלס אין אַן אינטערוויו מיטן ענגלישן עקאָנאָמיסט סער וואַלטער לייטאָן דעפינירט די טאַקטיק פונעם ווירטשאַפטלעכן אַנטיסעמיטיזם פון דער דייטשישער רעגירונג „נאָכן בויקאָט". ער האָט געזאָגט, אַז

„דאָס געווער פונעם אָפּווער־בויקאָט וואָלט נאָר טעמפּ געוואָרן דורך דער צו אָפטער אָנווענדונג. די ווירקונג פון די דייטשישע אידן מוז באַגרענעצט ווערן דורך גאַנץ אַנדערע סיסטעמאַטישע מאָסמיטלען. די דאָזיקע „סיסטעמאַטישע מאָסמיטלען" זיינען אָנגענומען געוואָרן".

די אידן זיינען דערוויטערט געוואָרן פון אַלע אָנפירנדיקע פּאָזי־ציעס, וואָס האָבן אַ באַדייטונג פאַר דער גאַנצער ווירטשאַפט.

זיי זיינען באַזייטיקט געוואָרן פון די באַנק־און אינדוסטריע־אונ־טערנעמונגען, אויב די דאָזיקע אונטערנעמונגען אַרבעטן נאָר ניט מיט אויסשליסלעך אידישן קאַפּיטאַל. אַזוי אַרום איז פאַרשלאָסן געוואָרן פאַר די אידן די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אין דעם גרעסטן טייל פון דער דייטשישער ווירטשאַפט.

קעגן די ריין־אידישע אונטערנעמונגען איז ווייטער אָנגעווענדעט געוואָרן אַ נייער סיסטעמאַטיש־אָרגאַניזירטער בויקאָט־מעטאָד. דער דאָ־זיקער נייער מעטאָד האָט געהאַט אַזעלכע צילן: ניט פאַרניכטן דעם אי־דישן קאַפּיטאַל אין דער ווירטשאַפט, נאָר באַזייטיקן די אידישע אָנגע־שטעלטע; אָפּנעמען בא די אידן אַלע פּאָזיציעס, וואָס האָבן אַ סאָציאַלן און פינאַנציעלן ווערט און איבערגעבן זיי די פאַרדינטע אָנהענגער פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; ניט כאַרעוו מאַכן די גרויסע אידישע פירמעס, נאָר זיי אַזוי „באַאַרבעטן", אַז די אידן זאָלן זיי מוזן אָפּטרעטן.

## „אידן אַרויס!"

דעם 3־טן אַפּריל 1933 זיינען אַלע אידישע פּרעזידיומס־מיטגלידער פון דער בערלינער האַנדלס־קאַמער געצוואונגען געוואָרן אָנצוגעבן אין דעמיסיע. אויף מאָרגן איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז עס ווערן באַפרייט אַלע „אידישע און מאַרקסיסטישע עלעמענטן" פון די פאַרשיידענע ווירט־שאַפטלעכע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אינעם אימפּעריישן דערנערונגס־מיניסטעריום, און דערצו איז דערקלערט געוואָרן, אַז אויף צו באַקומען אַ שטעלע אין די דאָזיקע אונטערנעמונגען דאַרף מען האָבן אַ רעקאָמענדאַציע פון דעם דייטשישן „לאַנד־האַנדל־בונד" (אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע). די קאַנדידאַטן אויף שטעלעס אין ברוינע מונדירן האָבן שוין געוואַרט אויף די פּאָסטנס.

דער בערלינער האַנדלס־קאַמער האָבן נאָכגעטאָן די האַנדלס־קאַמערן אין דער אימפּעריע, דעם ביישפּיל פון די מעלוכישע אָרגאַניזאַציעס און

אונטערנעמונגען האָבן נאָכגעטאָן די פּריוואַטע אונטערנעמונגען. אין איינציקע וואָכן אַרום איז קימאַט אין קיין איינעם פון די פילע הונדער־טער פאַרבאַנד־ביוראָען פון דער דייטשישער ווירטשאַפט מער ניט געווען קיין איין אידישער געשעפט־פירער אָדער אַפילע אַ אידישער אָנגעשטעל־טער.

אין די דירעקציעס פון די האַנדלס־אונטערנעמונגען איז דער פּראָ־צעס פאָרגעקומען לאַנגזאַמער. דאָ וואָלט אַ צו שנעלע אומבייטונג פון דער פירונג געקאָנט שטערן די לויפנדיקע געשעפטן. די געשעפטן האָט מען אָבער ניט געוואָלט שטערן — מער ניט, וואָס די נאַציאָנאַל־סאָ־ציאַליסטן אַליין האָבן געוואָלט איבערנעמען די פירונג.

די באַזייטיקונג פון אידן און פון די „ניט־אַריער" פון דער פירונג פון די גרויסע בענק איז פאָרגעקומען לאַנגזאַם און ביסלעכווייז, ווייל די פערזענלעכקייטן, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון די בענק, זיינען געווען באַוואוסט אין דער וועלט און זייער פאַרשווינדונג האָט געקאָנט ניט געפעלן ווערן די אויסלענדישע קרעדיט־געבער. אין דער „דייטשישער באַנק און דיסקאָנטאָ־געזעלשאַפט", צ.ב. איז צוערשט מיט־געטיילט געוואָרן סאָף מאַי 1933, אַז אָסקאַר וואַסערמאַן, וואָס איז יאָרן לאַנג געווען דער אייגנטלעכער קאָפּ פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע, און טעאָדאָר פראַנק, וועלן צום סאָף יאָר אַוועק פון דער באַנק. אין 1934 איז אַוועק געאָרג סעלמסען, וואָס זיין זיידע האָט געגרינדעט און אויפ־געבויט די „דיסקאָנטאָ־געזעלשאַפט". אין יאַנואַר 1934 האָט שוין דער פאָרזיצער פון דער קעלנער אינדוסטריע־און האַנדלס־קאַמער, פאָן שרע־דער, געקאָנט מעלדן אויף אַ פלענאַר פאַרזאַמלונג פון דער קאַמער אין אַ רעדע, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער גאַנצער דייטשישער פּרע־סע, אַז „די מיטאַרבעט פון אידן און פון די, וואָס שטאַמען אָפּ פון אי־דן, ווי אויך זייער אָנפירונג אין דער ווירטשאַפט ווערט אָפּגעוואָרפן, פונקט אַזוי, ווי עס איז אָפּגעוואָרפן זייער אָנפירונג אינעם גאַנצן דייטשישן מעלוכע־לעבן". דעם הער פאָן שרעדער איז דערמיט געלונגען באַדייטנדיק צו פאַרגרעסערן די צאָל פון זיינע אייגענע שטימען אינעם אויפזיכט־ראַט און די סומען פון זיינע טאַנטיעמעס ..

וואָס מער דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער מעלוכע־אַפּאַראַט האָט

זיך אנטבלויזט, אלס די סאמע אנטשלאָסענע און אומבארמהארציקע אָר־גאניזאציע פונעם גרויס־קאפיטאל, אלץ מער אייפעריק האָט ער זיך באמיט ווענדן די אומצופרידנקייט פון די מאסן אף די אידן.

אזוי ווי די צוגעזאָגטע „עקספּראָפּריאַציע פון די בענק און בערזע־פירשטן", די עקספּראָפּריאציע פונעם גרויסן ערד־באזיץ, פון דער שווער אינדוסטריע א. א. וו. איז אין דער „אומפארענדערלעכער פּראָגראם פון דער נאציאָנאל־סאָציאליסטישער פארטיי" געווען ניט מער, ווי א לע־קעכל, אזוי ווי ווען דער צוגעזאָגטער ליקווידאציע פון די גרויסע אוני־ווערסאלע מאגאזינען האָט מען גאָר ניט געוואָלט טראכטן, האָט מען גע־מוזט געפינען א וואָלוועלן סוראָגאט.

## אָנשטאָט סאָציאַליזירן — „אַנטאידישן"

בויקאָט פון די „ניט־ארישע" קאָנקורענטן — דאָס איז געוואָרן א באקוועמער מיטל אינעם קאָנקורענץ־קאמף. העצע קעגן דעם „אַרישן" קאָנקורענט, וואָס פארקויפט „ניט־ארישע" סכוירעס — דאָס איז אין קאָנקורענץ־קאמף געווען אויך ניט קיין שלעכט מיטל. צוזאמען מיט דער העצע קעגן דעם „ניט־ארישן" איינצל־האנדל איז געקומען די העצע קעגן דעם אידישן ליפעראנט. די סאָכרים האָבן מער ניט געהאט דעם מוט צו קויפן וואָס בא אידישע פאַבריקאנטן, קעדיי מע זאָל זיי ניט פאר־מאסערן פאר דער קונדשאפט און, פריער פאר אלץ, פאר די מאכט־אָר־גאנען, אלס פארמאסקירטע אידישע פירמעס, אלס „אידן־קנעכט". פונעם יאָר 1933 ביז אינמיטן יאָר 1935 זיינען אידישע פאַבריקאנטן, הורטאָווּ־ניקעס און איינצל־הענדלער צעריבן געוואָרן דורכן בויקאָט, דורכן פאר־באָט פון אנאָנסן און רעקלאמעס, דורך דער אנולירונג פון אויפטראגן. א געוויסע צייט האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אז מע וויל געבן די אידן אינעם ווירטשאפטלעכן לעבן אן אָטעם־פויזע. אין דער ווירקלעכקייט האָט דער נאציאָנאל־סאָציאליסטישער רעזשים אָרגאניזירט די דאָזיקע „אָטעם־פויזע", קעדיי דורכצופירן דעם אנטשיידנדיקן קלאפ, וואָס איז געקומען אין יאָר 1935.

עס איז כאראקטעריסטיש, אז דירעקט פאַרן אנהויב פון דער דאָזי־

קיני קאמפאניע האָט דער פארוואלטער פון דעם דייטש׳ען רייכסבאנק, שאַכט, געהאלטן אין קעניגסבערג א רעדע, וועלכע פיל האָבן אויסגע־טייטשט אלס א זשעסט פון פרידן. א טייל פון דער וועלט־עפנטלעכקייט האָט געמיינט, אז די דאָזיקע רעדע איז א סיגנאַל צו א געוויסן קער צום גוטן אין דער אידן־פראגע. געשען איז דער היפעך.

שלעכט איז געווען די אידישע געשעפטסלייט, וואס האָבן גענומען ערנסט שאכטס רעדע! דער פאָלגנדיקער באריכט פון דער „בערלינער בערזן־צייטונג" פון 4־טן אויגוסט 1935 זאָגט וועגן דעם אידעס:

„אייניקע אידישע שטעטינער אייגנטימער פון האנדל־אונטערנעמונ־גען האָבן געשיקט די פאָלגנדיקע טעלעגראַמע צום אימפערישן ווירטשאפט־מיניסטעריום אין בערלין:

„צום אימפערישן ווירטשאפט־מיניסטעריום, בערלין:

דער סעזאָן־אויספארקויף פון די אידישע געשעפטן איז דורך אידנפיינטלעכע מאַסמיטלען שטאַרק געשטערט געוואָרן. פאטרולן, פארטייאָרגאניזאציעס פון פלוג־צעטלען, טראנספאראנטן, גאסן־פארזאמ־לונגען, דאָס זידלען די קויפער שטערן דעם געשעפט. אָן באַלדיקער הילף דראָט אן ערנסטע געפאר פאר דער ווירטשאפט.

אונטערגעשריבן: ברידער קאַרגער, נאומאן, ראָזנבאַום, אָטאָ לינד־נער, מאַקס קורניק הערמאַנס עט פרויצהיים".

אלס ענטפער אויף דער דאָזיקער בעפיירעשער פראָוואָקאציע, איז פרייטיק אָוונט אין שטעטין פאָרגעקומען א ספּאָנטאַנע מאַסן־דעמאָנסטראציע. בא 30 טויזנט פאָלקס־באוויירים האָבן צוזאמען מיט די שטורמאָוויקעס, מיט די שוצלייט, מיט די מיטגלידער פון דער פארטיי־אָרגאניזאציע און מיט דער נאציאָנאַל־סאָציאַליסטי־שער האנדל־און געווערב־אָרגאניזאציע געבילדעט א דעמאָנסטראַ־ציע צוג און האָבן מארשירט צום פרידריך־פלאַץ, וואו דער קרייז־פירער פון גרויס־שטעטין האָט געהאלטן א רעדע און האָט מיטגע־טיילט, אז די אידישע פירמעס האָבן שוין פרייוויליק(!) אפּגערופן באם שטעטינער פאָליציי־פרעזידענט די דערמאָנטע טעלעגראמע און האָבן אנערקענט, אז די נאציאָנאַל־סאָציאַליסטישע באוועגונג און אירע מיטגלידער האָבן זיך ניט באטייליקט אין די דערמאָנטע

פּאָלן(!). ווייטער האָט דער קרייז־פירער מיטגעטיילט, אַז בײַ די פּרואוון אַרויסצורופן אומרוען אויף די שטעטינער גאַסן האָט די מעלוכע־פּאָליציי פון שטעטין אַרעסטירט 30 געוו. מאַרקסיסטן. דער דאָזיקער פאַקט באַווייזט קלאָר, פון וועלכער זייט עס ווערן אַרויס־געגרופן פּראָוואָקאַציעס און אומרוען".

שאַכט האָט פּאַשעט געהאַט דעם אויפטראַג צו שפּילן אַ קאָמעדיע פאַר אויסלאַנד, זיין „פרידנס"־רעדע האָט געזאָלט זיין די מאַסקע, הינ־טער וועלכער דאָס באַגאַזלען דאָס אידישע אייגנטום האָט געדאַרפט דורכ־געפירט ווערן נאָך מער אומגעשטערט. אויסער דעם האָבן אין יענער צייט גרויסע אַנאָנסן געמאָלדן אין אַלע דייטשישע צייטונגען וועגן פאַר־קויף פון נייע פיר אַ האַלב־פּראָצענטיקע אָבליגאַציעס פון דער דייטשי־שער מעלוכישער אייזנבאַן־געזעלשאַפט. אַלע מיטגלידער פון די באַנק־קאָנסאָרציומס, וואָס האָבן איבערגענומען די דאָזיקע נייע אימפּערישע באַן־האַלוואָע פון דער מעלוכע, זיינען געשטאַנען אונטערגעשריבן אונטער דעם פאַרעפנטלעכטן פּראָספּעקט פון דער האַלוואָע, און צווישן די אונ־טערגעשריבענע האָבן זיך געפונען די נעמען פון 12 אידישע בענק אין בערלין און אין דער פּראָווינץ.

איבעריקנס, האָבן די אידישע פּריוואַט־בענק בײַ דער דאָזיקער גע־לעגנהייט געזאָלט דינען העד שאַכטס פּלענער אָפיציעל צום לעצטן מאָל. גלייך נאָך דעם זיינען אָנגענומען געוואָרן מיטלען, וואָס האָבן געדאַרפט אומעגלעך מאַכן די עקזיסטענץ פון אידישע קרעדיט־אַנשטאַלטן.

## „פּלאַנמעסיקע פאַרטרייבונג"

דעם 28־טן אָקטאָבער טיילט מיט דר. פראַנץ היילער, דער פירער פון דער ווירטשאַפט־גרופּע פונעם איינצל־האַנדל, אינעם „פעלקישן בע־אָבאַכטער", אַז דאָס אויסשליסן די אידן פונעם איינצל־האַנדל, פּונקט ווי פון אַלע אַנדערע „ווירקונג־ספערן" אין דער ווירטשאַפט — פון די בענק, פון דער אינדוסטריע, פון דער לאַנדווירטשאַפט — וועט פאַרגעזעצט ווע־רן פּאַמעלעך, אָבער פּלאַנמעסיק.

מען דאַרף ניט האָבן קיין גרויסע פאַנטאַזיע, כדי זיך אויסצומאָלן

ווי אַזוי עס זעט אויס אין דער פּראַקטיק די דאָזיקע „פלאַנמעסיקע פאַר־טרייבונג“.

די אידישע האַנדל־אונטערנעמונגען ווערן בויקאָטירט. דער דאָזיקער בויקאָט צווינגט זיי צו אַנולירן די אַלטע באַשטעלונגען, וועלכע זיי האָבן געמאַכט אין די פאַבריקן און ניט צו מאַכן קיין נייע. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּרעסע באַשולדיקט דאַן די אידישע סאָחרים, אַז זיי מאַכן ניט קיין באַשטעלונגען אין די פאַבריקן בעקיוון, כדי צו פאַרשאַרפן דעם קריזיס און ברענגען שאָדן די מעלוכע־אינטערעסן. דער דאָזיקער „פּאַראַט די מעלוכע־אינטערעסן“ גיט אַ גרונט צו שאַרפע מאָסמיטלען, וואָס פאַר־פולשטענדיקן די רואינירונג פון די אידישע אונטערנעמער.

אָט איז אייןביישפּיל פון זייער פיל.

פ י ר מ א ז ע ן — איז דער צענטער פון דער שוך־אינדוסטריע פון פאַלץ. אין אויגוסט 1935 קלאָגט זיך די אַרטיקע צייטונג „נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישער ריין־פראָנט“ אַף דער פאַרשאַרפונג פונעם קריזיס אין פירמאַזען און גיט אָן אַלס די וויכטיקסטע סיבע אָט וואָס:

„אין מעשעך פון אייניקע טעג האָבן צאָלרייכע פאַבריקן אין פירמאַזען באַקומען בריוו פון איין און דעמזעלבן אינהאַלט. די בריוו זיינען געקומען אויסשליסלעך פון אידישע האַנדל־אונטערנע־מונגען און אַלע האָבן פאַרלאַנגט טייקעף צו אַנולירן די געמאַכטע באַשטעלונגען, פאַרופנדיק זיך אַפן קלוימערשטן בויקאָט(!) פון די אידישע געשעפטן, וואָס נעמט בא זיי אַפ די מעגלעכקייט צו פאַרקויפן די באַשטעלטע סכוירעס...“

די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע קרייז־אָנפירונג האָט אַף דער דאָזיקער „אידישער פּראָוואָקאַציע“ רעאַגירט מיט אַזאַ רעזאָלוציע:

„דער איד פּרוּווט ווידער אויפהויבן איבער אונדז זיין בייטש. ער וויל באַצווינגען דאָס נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פירמאַ־זען, אָבער מיר דערקלערן: „ווער עס באַדראָעט אונדזערע אַרבעט־פלעצער, דעם דערקלערן מיר קאַמף ביז מעסער. פון היינט אָן גייען מיר מער ניט אַריין אין קיין אידישן געשעפט אָדער אין דעם איינגעשטעלטער פון א אידישן דאָקטער. א סאָף צו יעדן פאַרקער מיט אידן!

ווער עס שטערט אונדז אין דעם דאָזיקן קאַמף מיט אַ אידן, איז אַ פאָלקס־פאַרעטער! פון אונדזערע אונטערנעמונג־פירער פאַר־לאַנגען מיר, אַז אַזוינע פאַרעטער זאָלן טייקעף דערוויטערט ווע־רן פון די אונטערנעמונגען און עס זאָל געגעבן ווערן אַן אָרט אַן אַנשטענדיקן פאָלקס־כאַווער".

אין טייל ערטער קומט פאַר די „פלאַנמעסיקע אַרויסשטויסונג" אַף גאָר אַ פאַשעטן אויפן. לעמאַשל, אין קאָבלענץ האָט די מאַכט אין מעשעך פון סעפטעמבער 1935 געשלאָסן פיל אידישע געשעפטן, וואָס האָבן עק־זיסטירט זייט צענדליקער יאָרן אונטערן אויסרייד... אַז אין זיי הערשט אַ ניט־היגיענישער צושטאַנד.

אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1935 ווערט די ליקווידאַציע פון אידישע געשעפטן און אונטערנעמונגען, אַ מאַסן־דערשיינונג אין גאַנץ דייטשלאַנד.

די „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פאַרטיי־קאָרעספּאָנדענץ" לייגט פאָר צו גרינדן אַ ספּעציעלע „ליקווידאַציע־געזעלשאַפט", וואָס זאָל העלפן אַרישע געשעפטסלייט איבערנעמען די אידישע אונטערנעמונגען.

„די אויפגאַבע פון דער געזעלשאַפט — שרייבט די „קאָרעס־פּאָנדענץ" — דאַרף זיין, ערשטנס, אויסלייגן דאָס געלט פאַר טיכטיקע אַרישע סאָחרים, וואָס זיי דאַרפן האָבן אַף צו קויפן אַ אידישע אונטערנעמונג; צווייטנס, אידישע אונטערנעמער, וואָס ווילן פאַרקויפן זייער אונטערנעמונג, זאָלן קאָנען ווענדן זיך צו איר, זי זאָל זיי אָנרופן קויפער, וועלכע זי אַליין האַלט פאַר פּאַ־סיק. אַכוץ דעם וואָלט די געזעלשאַפט געקאָנט קויפן אַף אייגענעם כעשבן אידישע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען שוין גרייט ליקווי־דירט צו ווערן, און דער אומשטאַנד, וואָס דער ניט־אַריער, וועל־כער איז גרייט צו פאַרקויפן זיין אונטערנעמונג, וועט האָבן פאַר זיך אַ פאַרמעגלעכן באַנק אָדער אַ געזעלשאַפט, וואָס קאָן אים גיך געבן זיין געלט, וועט זיך מוזן אויסדריקן אין אַ נאָך גרעסערער מעסיקונג פונעם קויף־פּרייז".

די „מעסיקונג פונעם פּרייז" באַשטייט אין דעם, וואָס די אידישע אונטערנעמונגען ווערן „געקויפט" פאַר אַ קליינעם טייל פון זייער ווירק־

לעבן ווערט. די „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־קאָרעספּאָנדענץ" רעכנט אויס, אַז די ליקווידאַציע־געזעלשאַפט וועט דאַרפן צאָלן פאַר זייער גרויסע אונטערנעמונגען ניט מער, ווי 20—40 טויזנט מאַרק.

דערמיט ענדיקט זיך אָבער ניט די „פּלאַנמעסיקע ליקווידאַציע" פון די אידישע אונטערנעמונגען. די אידישע אונטערנעמער פאַרקויפן זייערע געשעפטן, קעדיי צו עמיגרירן קיין אויסלאַנד. זיי קויפן איין פאַרן באַקומענעם קליינעם טייל פונעם ווערט פון דער פאַרקויפטער אונטערנעמונג אויסלענדישע ווערט־פּאַפּירן אַף דער בירזשע. דערביי צאָלט מען אַף דער דייטשישער בירזשע פאַר ווערט־פּאַפּירן מיט 30־40 פּראָצענט מער, ווי זיי קאָסטן אין אויסלאַנד. פאַר די פּאַפּירן, וואָס ווערן מיטגענומען קיין אויסלאַנד, ווערט באַצאָלט שטייער.

דאָס אַלץ שטעלט ניט אָפּ די אידישע אונטערנעמער, וואָס ליקווידירן אין פּאַניק זייערע געשעפטן און קויפן איין ווערט־פּאַפּירן אַף דער בירזשע. דאַן קומט דעם 11־טן אָקטאָבער 1935 אַן אַמטלעכער צירקוליאַר, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט:

„די לעצטע טעג איז אַף דער בערלינער בירזשע פאָרגעקומען אַ באַדייטנדיקע העכערונג פון די קורסן פון געוויסע אויסלענדישע ווערט־פּאַפּירן. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די קורס־העכערונג קומט פון איינקויפונגען, וועלכע עס מאַכן פּערזאָנען וואָס האָבן בעדייע זיך צו באַזעצן אין אויסלאַנד. עס איז קלאָר, אַז די קויפער האָבן געמאַכט די קויף־אויפּטראַגן, ווייל זיי האָבן זיך גערעכנט, אַז מע וועט זיי דערלויבן אַרויספירן די דערוואָרבענע ווערט־פּאַפּירן קיין אויסלאַנד".

און דער צירקוליאַר פאַראָרדנט צו געבן דערלויבענישן אַף אַרויספירן ווערט פּאַפּירן,

„נאָר דעמאָלט און אַף וויפל די אויסוואַנדערער באַווייזן, אַז די ווערט־פּאַפּירן האָבן זיי געהאַט שוין פאַרן יאַנואַר 1933".

אַף אַזאַ אויפן ווערט דעם אידישן אונטערנעמער, וואָס ווערט פאַרטריבן פונעם ווירטשאַפטלעכן לעבן און וואָס קאָן מער ניט בלייבן אין לאַנד, ניט נעגעבן די מעגלעכקייט מיטצונעמען מיט־זיך אפילע די ניש־

טיקע סומע, וואָס ער רעאַליזירט סאָפּקאָלסאָף פון דער „פאַרקויפטער" אונטערנעמונג.

די דאָזיקע מאָסמיטלעך שטעלן אָבער ניט אָפּ דאָס „פאַרקויפן" די אידישע אונטערנעמונגען, וואָס ווערט, ווייזט אויס, אָנגעפירט און רעגו־לירט אַף אַן אָרגאַניזירטן אויפן.

אין די צייטונגען גייט אוועק אַ סעדרע פון אַזוינע מעלדונגען:

## „איבערגעגאַנגען אין דייטשישע הענט"

„אין מעשעך פון איניקע טעג זיינען אין אַלציי אריבערגעגאַנ־גען אין דייטשישע הענט 3 אידישע געשעפטן. די פירמע „מאָזעס לעווי" האָט דערוואָרבן די פירמע זאוער, „ליבמאַנס קאָנפעקציע־הויז" האָט געקויפט דער סויכער אָלסטערמאַן און ס. גיים פּאַר־צעליי־געשעפט איז אויך אריבער אין אנדערע הענט".

(„נייע אבענד־צייטונג פאַר דעם קרייז סאאַר־פּאַלץ" 13 אָקטאָבער 1935).

די פונקציעס, וועלכע עס האָט געזאָלט נעמען אַף זיך די „זאמל־געזעלשאַפט", פילן אויס שטילשווייגנדיק, קעדיי ניט צו מאַכן קיין טומל אין אויסלאַנד, די בענק. דאָס קאָן מען זען, ווען מען גיט אַ קוק אינעם אַנאָנסן־טייל פון דער „פראַנקפורטער צייטונג" אין איינייִנציקן טאָג, דעם 6־טן אָקטאָבער. מע דערקענט אַבוץ דעם, אַז אויסער די עפנטלעך־באַקאַנטע אידן־געזעצן זיינען נאָך פאַראַן געהיימע פאַראָרדע־נונגען, וואָס דאַרפן איבערגעבן די אַרישע קאַפּיטאַליסטן געשעפטן אין אַ פאָרם, וואָס וואַרפט זיך ניט אין די אויגן. ווייל ס'איז מאָדנע, אַז פון די קומענדיקע קויפער ווערט ניט געפאָדערט אין דער ערשטער ריי קיין מעזומען געלט, ווי געוויינלעך באַ אַזוינע געשעפט־פאַרקויפונגען, — נאָר בלויז אַרישע ראַסן־ריינקייט!

„אַ קאָנפעקציע־געשעפט.... עקזיסטירט 35 יאָר אין אַן אינ־דוסטריע שטאָט פונעם רור־געביט, גיט גוטע האַכנאָסע... קאָן פאַרקויפט ווערן אַן אַרישן געשעפטסמאַן..."

„אַן אָרטאָפּעדישער אינסטיטוט אין קורשטאַרט, אַן אַלט־באַוואוסטער, קאָן פאַרקויפט ווערן אַן אַרישן דאָקטער..."

„אַ גוט איינגעאָרדנטער טעקסטיל־מאַגאַזין קאָן גינסטיק פאַר־קויפט ווערן אַ קאַפּיטאַל־קרעפטיקן אַרישן קויפער"...

„אַן אַלטע הורט־האַנדלונג פון שטריק קאָן פאַרקויפט ווערן אַן אַריער".

„אַ ספּעציעלער געשעפט פון מענער־קאָנפעקציע קאָן אָפּגע־געבן ווערן נאָר אַ פאַרמעגלעכן אַרישן קויפער..."

„אַ טעקסטיל מאַגאַזין ווערט פאַרקויפט נאָר אַן אַריער".

„אַ גוטע עקזיסטענץ געפינט אַן אַרישער סוכער דורך איבער־נעמען אַ מאַגאַזין פון דער טעקסטיל־בראַנזשע".

„אַ ספּעציעל האַנדל־הויז פאַר דאַמען־קאָנפעקציע ווערט פאַרגעלייגט צו פאַרדינגען אָדער צו פאַרקויפן אַן אַרישן סוכער".

„טעקסטיל־מאַגאַזין ווערט איבערגעגעבן אַן אַריער..."

„אַ געשעפט פון טעפּיכן און מעבל־שטאָף קאָן פאַרקויפט ווע־רן אַ פאַכמאַן (אַן אַריער)..."

„אַ האַנדל אונטערנעמונג, וואָס עקזיסטירט זייט 50 יאָר, ווערט טייקעף פאַרקויפט אַן אַריער"...

„עס ווערט פאַרקויפט אַ פאַבריק פון שלייקעס און גאַרטלען. אַ פּירנדיקע אונטערנעמונג... אַן ערשטקלאַסיקע עקזיסטענץ פאַר אַ פאַרמעגלעכן אַרישן הער"...

„אַ פאַבריק, עקזיסטירט איבער 50 יאָר, קאָן פאַרקויפט ווערן אַן אַריער"...

ניט ווייניקער אַזעלכע אַנאָנסן געפינען זיך אין די נומערן פון די פאָלגנדיקע טעג. אינעם נומער פון 20־טן אָקטאָבער געפינען זיך 19 אַנאָנסן פון אַן ענלעכן אינהאַלט.

אַזוי ווי די דאָזיקע אָנבאָטן צו קויפן, מיט אַ זייער מאָדנע איינ־הייטלעכן אינהאַלט און מיטן פאַרלאַנג נאָך אַרישע קויפער, קומען פון אַלע טיילן פון דייטשלאַנד, קאָן מען אָנעמען זיכער, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן אַנטשפּרעכיקן באַפעל פון אויבן, וועלכן געבעלס לאָזט ניט פאַרעפנטלעכן.

דעם 20־טן אָקטאָבער טיילט מיט „פּואָגער טאַגעבלאַט", אַז „פאַר דער ליקווידאַציע פונעם אידישן אַנטייל אין דער ווירטשאַפט איז באַשטימט

געוואָרן דער ארבעט־פּראָנט". דאָס איינקויפן די געשעפטן ווערט אָרגאַ־ניזירט דורך א „באראַטונגס־צענטער", דאָס געלט גיט דער באנק פון דעם ארבעט־פּראָנט. די צייטונג טיילט ווייטער מיט:

„די לעצטע טעג האָבן קימאט אַלע גרעסערע אידישע אונ־טערנעמער אין בערלין באקומען פאָרשלאָגן צו פארקויפן זייערע געשעפטן — פאָרשלאָגן, וואָס קומען מערסטנטייל פון די פאר־טרויאונגס־לייט פונעם באראַטונגס־צענטער. אינעם איצטיקן מאָ־מענט קומען פאָר אונטערהאַנדלונגען מיט די געשעפט־אָנפירער פון די אוניווערסאַלע מאַגאַזינען איזראַעל, גרינפעלד, ראָזהיין און פון דער זיידן־פירמע מיכעלס, ווי אויך מיט אייניקע אַנדערע גרוי־סע פירמעס פון דער קאָנפעקציע־בראַנזשע און פון דער מעבל־בראַנזשע. כאָטש עס ווערט פאָרגעלייגט מערסטנטייל גאָר א קליי־נער טייל פונעם ווירקלעכן ווערט פונעם געשעפט, דאַרף מען זיך ריכטן אין דעם גרעסטן טייל פאלן, אז די אונטערהאנדלונגען וועלן פירן צו א פּאָזיטיוון סאָף, ווייל אַף די אידישע געשעפט־אייגנטי־מער ווערט זיכער געמאַכט א דרוק, און ווייל עס איז פאראַן אַן אומבאַשטימטקייט בענעגייע דער קומענדיקער געזעצלעכער רעגולי־רונג פון דער אידישער טעטיקייט אין דער ווירטשאַפט. דאָס פאר־קויפן די אידישע געשעפטן באַרירט אויך ניט ווייניק די אידישע אָנגעשטעלטע, ווייל די נייע אָנפירונג פון די פירמעס זאָגט זיי מערסטנטייל אָפּ פון דער ארבעט".

אכוץ דעם דאָזיקן צוואַנג־פאַרקויף ווערן דורכגעפירט אַנדערע מאָס־מיטלען. ווידערשפּעניקע אָדער וואַקלדיקע צווינגט מען מיט אַנדערע מיטלען.

## די געהיימע מעלוכע־פּאָליציי קאָנטראָלירט די קלענסטע הויצאָעס פון די אידישע פאַמיליעס

זינט אָקטאָבער באַזוכן אַגענטן פון דער מעלוכישער געהיים־פּאָליציי אין דער גאַנצער אימפּעריע אידישע פאַמיליעס און פאָדערן באַווייזן, וואו

זיי האָבן רעפּאַנירט דאָס געלט, וואָס זיי האָבן באַקומען באַם איבער־געבן זייערע געשעפטן און זייער ערד־אייגנטום אין אַרישע הענט. די דאָזיקע „פּלוצעמדיקע וויזיטן" פאַרפאָלגן דרייערליי צילן: ערשטנס, גיט מען צו פאַרשטיין די אידן, וואָס האָבן נאָך ניט „פאַרקויפט" זייערע אונטערנעמונגען, אַז עס איז די העכסטע צייט, זיי זאָלן איבערגעבן זייע־רע אונטערנעמונגען און זייערע אומבאַוועגלעכע גיטער אין אַרישע הענט, צווייטנס, גיט מען אַכטונג, אַז דאָס, וואָס ווערט באַקומען פאַר די „פאַר־קויפטע" אונטערנעמונגען, זאָל ניט אַרויסגעשיקט ווערן קיין אויסלאַנד; דריטנס, גיט מען אַכטונג, אַז מיט דעם קאַפּיטאַל, וואָס די אידן האָבן באַקומען באַם „פאַרקויפן" זייערע אונערנעמונגען, זאָלן זיי ניט גרינדן קיין נייע געשעפטן.

די געהיימע מעלוכע־פּאָליציי קאָנטראָלירט איצט אָן אויסנאַם יעדע געשעפטלעכע טראַנזאַקציע, וואו איין צאַד איז אַ איד. האָט אַ איד באַ־קומען אַ גרעסערע געלט־סומע פאַר אַ פאַרקויף, באַזוכט אים רעגולער אַ באַאַמטער פון דער געהיימער מעלוכע־פּאָליציי און האַלט אים אַזוי לאַנג אונטערן דרוק, ביז דער איד לייגט אַריין דאָס געלט אין אַ דייטשישער באַנק. אויב דער פאַרקויפער גיט ניט קיין אויסשעפּנדיקע ידיעס איבער דער רעשט פון דער קויף־סומע, זאָגט אים דער באַאַמטער, אַז אַף אים פאַלט דערמיט אַ חשאַד, אַז ער האָט אַרויסגעשמוגלט דאָס געלט קיין אויסלאַנד. אויב דער איד נעמט אַראָפּ פון זיין קאָנטאָ אין באַנק אַ סומע העכער פון 1500 מאַרק, טיילט דאָס מיט דער באַנק טייקעף דער געהיי־מער מעלוכע־פּאָליציי און יענע פאָרשט אויס, וואָס עס איז געטאָן גע־וואָרן מיט דער סומע.

## היטלערס „דייטשישער סאָציאַליזם"

צי איז דער רעזשים „אַנטיקאַפּיטאַליסטיש", אויב ער שוינט ניט די אידישע קאַפּיטאַליסטן? צי מיינט ער ערנסט מיט זיין אַזוי אָפט צוגע־זאָגטן „דייטשישן סאָציאַליזם"? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! דער אָנגריף אַף אַ פּאָר טוץ אידישע גרויסקאַפּיטאַליסטן דאַרף פאַרמאַסקירן, אַז אין דערווירקלעכקייט ווערט געטאָן אַלץ, קעדיי צו שטאַרקן דעם וואוקס און

די ווירקונג פונעם „אַרישן" גרויס־קאַפּיטאַל. ווען דער נאַציאָנאַל־סאָציאַ־ליזם איז געקומען צו דער מאַכט, האָט ער צוגעזאָגט צווישן אַנדערן די ליקווידאַציע פון די קאָנצערנען. די אַנאָנימקייט פון דער קאַפּיטאַל־באַ־הערשונג איז פאַרשריען געוואָרן אַלס אַ „אידישע זאַך", אַלס אַ מיטל, מיט וועלכן דאָס אידנטום האָט געפּרואווט באַהערשן דייטשלאַנד. אָבער די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע הערשאַפט האָט ערשט ווי געהעריק מיטגע־האָלפן די טענדענצן צו בילדן קאָנצערנען, וועלכע זיינען פריער גע־שטעמפּלט געוואָרן אַלס „אידישע".

ניט לאַנג האָט אַ ריי שלעזישע צוקער־פאַבריקן זיך אָנגעשלאָסן אי־נעם קאָנצערן פון דער ראָרעם־דייטשישער צוקער־אַקציען־געזעלשאַפט. אין ראָרעם־דייטשלאַנד האָט זיך געבילדעט אַ נייער וואַגאָן־קאָנצערן, וואָס באַשטייט פון די זאַוואָדן טאַלבאָט, אירדינגען און דיסלדאָרף. ווי די „פראַנקפורטער צייטונג" טיילט מיט, גרייטן זיך און דאַרפן שוין גאָר אינגיכן פאַרענדיקט ווערן אַנדערע אַקטן פון קאָנצערן־אויסברייטערונגען פון גרעסערן און קלענערן מאַסשטאַב.

די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט־טעאָרעטיקער, די אָנזאָ־גער פונעם „דייטשישן סאָציאַליזם" קלערן נאַטירלעך ניט וועגן באַקעמפן די דאָזיקע באַוועגונג — אַ פּאָר געבראָכענע צוזאָגן מער אָדער ווייניקער וואָס מאַכט עס אויס? אָבער אַזוי ווי דאָ האַנדלט זיך וועגן אַן אַנטשיידנ־דיקער דעמאַסקירונג פון דער סיסטעם, וואָס אַנטבלויזט ענדגילטיק איר ראָל אַלס פאַרשטייער פונעם פינאַנץ־קאַפּיטאַל, האָט די אַקציען־ביוראָ פון דער אַקאַדעמיע פאַר דייטשיש רעכט גאָר שנעל אויסגעאַרבעט אַ מע־מאָראַנדום וועגן דער בילדונג פון נייע קאָנצערנען, אין וועלכן עס ווערט נאַטירלעך „דערוויזן". אַז די בילדונג פון קאָנצערנען, ווען מע „פירט זי ריכטיק דורך" (ד. ה. דורך אַרישן גרויס־קאַפּיטאַל!) „אַנטשפּרעכט דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט אויפפאַסונג". דער קאַמף קעגן דעם פינאַנץ־קאַפּיטאַל און טרעסט־קאַפּיטאַל, וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרן אין דער „אומפאַרענדערלעכער פּראָגראַם פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי", איז דערמיט געענדיקט. אָנשטאָט דעם דאָזיקן פּונקט פון דער פּראָגראַם קומט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע שוץ פאַר די גראָבסטע עקספּלואַטאַטאָרישע אינטערעסן — דאָס איז אַן אַנטוויקלונג, וואָס אַנט־

שפּרעכט פולשטענדיק דער באַוואָפענונג־פּאָליטיק פונעם דייטשישן אימ־פּעריאַליזם און וואָס קאָן ניט איבעראַשן קײנעם, ווער עס קען די פאַר־באָרגענע רעזשיסאָרן פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

## דער שיקזאַל פון הונדערטער טויזנטער

די מאַסע פון די 500 טויזנט אידן אין דייטשלאַנד איז באַשטאַנען ניט פון גרויסע אונטערנעמער. דאָס זיינען געווען פריער פאַר אַלץ זעלבסטשטענדיקע קליינע הענדלער און האַנטווערקער. דער קליין־האַנדל — אָנהויבנדיק פונעם פאַרהעלטנישמעסיק פאַרמעגלעכן קליינשטאָטישן סויכער און ענדיקנדיק מיט דעם מאַרק־הענדלער — און די האַנטווער־קעריי האָבן געהאַט די גרעסטע באַדייטונג פאַר די לעבנס־מעגלעכקייטן פון די ברייטע אידישע מאַסן. די קליינע האַנטווערקער און סאָכרים האָבן ניט באַשעפטיקט קיין גרויסע צאָל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. קיין באַ־דייטנדיקע ליפעראַנטן האָבן זיי ניט געהאַט, קיין קרעדיטן אין די בענק האָבן זיי ניט געהאַט, און זייער רואין האָט ניט באַרירט די בענק. זינט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן האָבן איבערגענומען די מאַכט, האָט דאָ די אַנטיסעמיטישע דעמאַגאָגיע געקאָנט אַנטוויקלט ווערן אומגעצוימטער ווי אומעטום.

דער קאַמף קעגן דעם אידישן וואַנדער־האַנדל און מאַרק־האַנדל, קעגן דעם אידישן איינצל־האַנדל אין די קליינע שטעט, פונקט אַזוי ווי דער קאַמף קעגן דעם אידישן האַנדל מיט פּי, מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָ־דוקטן און געברויך־אַרטיקלען, איז פון אָנהויב אָן געפירט געוואָרן מיט אַזאַ פאַרניכטנדיקער גרינטלעכקייט, וואָס אין די גרעסערע שטעט האָט מען זי שווער געקאָנט דערגרייכן. דאָ, אין די קליינע שטעטלעך און אין די דערפער, האָט מען ניט נאָר בויקאָטירט, דאָ האָט מען פּאָשעט פאַר־טריבן. די קלענסטע און בעמיילע די סאַמע שוצלאָזע האָט מען פאַר־ניכטעט מיט דער גרעסטער ברוטאַלקייט.

דעם 11־טן יולי 1933 האָט די בערלינער שטאָטישע מאַכט, לויט דער מיטיילונג פון דער פּאַריזער צייטונג „טאָג", פאַרגעלייגט די אידי־שע הענדלער אויף דעם הויפּט־מאַרק צו ליקווידירן זייער האַנדל אין גאָר

אַ קורצן טערמין. דעם 13־טן אויגוסט האָט די „פראַנקפורטער צייטונג" געמאָלדן פון מינכען, אַז אידישע הענדלער וועלן מער ניט צוגעלאָזן ווערן צו די אאוקציאָנען אינעם שטאָטישן לאָמבארד, זיי וועלן אויך מער ניט צוגעלאָזן ווערן צו די יאַרידן. ווי די „יודישע רונדשאַו" פון 14־טן יולי טיילט מיט, לויט אַ מעלדונג פון דער „יענאַישער צייטונג", זיינען די אידישע הענדלער אפן ערפורטער יאַריד פאַשעט ארעסטירט געוואָרן, „ווייל ברייטע קרייזן האָבן קאטעגאָריש געפאָדערט, אַז די אידישע הענד־לער זאָלן פארשווינדן פונעם יאַריד". דאָס אויסשליסן פון יאַרידן, חאָטש זיינען די גרויסע האנדלס־צענטערן פאַר דער דאָרפישער באַפעלקערונג, איז פאָרגעקומען אין דער גאַנצער אימפעריע. דאָס האָט סיסטעמאַטיש אָרגאַניזירט דער „מעלוכע־פאַרבאַנד פון וואַנדער־הענדלער", וואָס האָט אָנהויב מאַי אויף זיין קרייז־צוזאַמענפאָר אין פראַנקפורט־אַם־מאַין אָנגע־נומען אַנטשפּרעכנדיקע באַשלוסן, און דערביי האָט דער קרייז־פירער דערקלערט, אַז „די אידן וועלן מוזן ראַדיקאַל פאַרניכטעט ווערן".

דער קאָאָפּעראַטיווער פאַרבאַנד „רייפייזען" אין פראַנקפורט־אַם־מאַין און די הויפּט־אָפּטיילונג 3 פון דעם פויערים־שטאַנד אין העסען־נאַסאַו — אַלזאָ די אַנטשיידנדיקע אָרגאַניזאַציעס פאַר דער לאַנדווירט־שאַפט פון דעם דאָזיקן געביט, האָבן דעם 11־טן סעפּטעמבער 1933 פאַ־נאַנדערגעשיקט אַ געמיינזאַמען צירקוליאַר, וואו עס שטייט געשריבן:

„יעדע פאַרבינדונג מיט אַ אידן און מיטן אידישן האַנדל ווי־דערשפּרעכט ניט נאָר יעדער קאָאָפּעראַטיווער אויפפאַסונג, נאָר זי איז אויך אַן אַטאַקע קעגן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. אויף דעם סמאַך און קעדיי צו לייזן די גרויסע קאָאָפּעראַטיווע אויפ־גאַבן, וואָס שטייען פאַר אונדז, פאָדערן מיר, אַז אונדזערע קאָאָ־פּעראַטיוון זאָלן טייקעף איבעררייסן אַלע פאַרבינדונגען מיטן אי־דישן האַנדל אין איינקויף און פאַרקויף. קעגן די וואָס וועלן דאָס ניט אויספירן, וועלן מיר צו דער געהעריקער צייט אַרויסטרעטן. ווייטער פאָדערן מיר פון אונדזערע קאָאָפּעראַטיוו־פאַרוואַלטונגען, זיי זאָלן אונדז געבן צו וויסן וועגן יענע לאַנדווירטן, וואָס האַנד־לען נאָך ביז איצט מיט אידן".

די אַנטיסעמיטישע קאַמפּאַניע איז פריער פאַר אַלץ געלעגן אין די

הענט פון די דאָרפישע קאָאָפּעראַטיוון. אַזוי איז אין העסען פאַרבאָטן געוואָרן די מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוו צו פאַרקויפן אידן שלאַכט־פי. און דעם 21־טן יוני 1934 האָט די „פּויערים־צייטונג" אין פראַנקפורט־אַם־מאַין מיטגעטיילט אַ טיפּישן פאַל פונעם קליינעם אישעוו קענגערנ־היים:

„אפן טויער פון איינעם אַ היגן איינוואוינער האָט מען די לעצטע טעג געקאָנט לייענען: „איך, פאַרעטער, האָב געהאַנדלט מיט אַ אידן!" אף דעם דאָזיקן באַדויערלעכן אויפן מוז מען נאָך שטעמפּלען טייל מענטשן, קעדיי זיי זאָלן זיך אומקערן צום דייטשישן דענקען און האַנדלען".

זינט פרילינג 1933 זיינען די אידישע סאָכרים און קרעמער אין די קליינע שטעטלעך רואינירט געוואָרן, זיי זיינען געצוואונגען געוואָרן צו פאַרמאַכן זייערע געשעפטן און צו פאַרלאָזן זייערע וואוינערטער. קיינער האָט אין די קליינע אישווים מער ניט געקאָנט אריינקומען אין אַ געשעפט אָדער אין דער וואוינונג פון אַ אידישן סויכער, אויב ער האָט ניט געוואָלט, אַז די אָרטיקע צייטונג און די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע מאַכט־אָרגאַנען: דער בירגערמייסטער אָדער דער געמיינדע־פאָרשטייער און די אָלמעכטיקע פּאַרטיי זאָלן אים ניט זידלען און שטעמפּלען אַלס פאַרברעכער קעגן דעם דייטשישן פאָלק. דאָ האָט מען גאָר ניט באַדאַרפט האָבן קיין ספּעציעלע בויקאָט־קאַמפּאַניע. די סיסטעמאַטישע העצע האָט געפירט צו ווירטשאַפטלעכער פאַרניכטונג.

אַ בילד פון דער לאַגע האָט געגעבן אין דעצעמבער 1934 אַ מיטאַר־בעטער פון דער אַמסטערדאַמער צייטונג „העט פאָלק" אפן סמאָך פון פּערזענלעכע איבערלעבונגען אין העסען און אין פראַנקפורט־אַם־מאַין:

„איך ווייס אַ פאַל, עס האַנדלט זיך וועגן אַן אַלטן אידן, וואָס איז געווען באַוואוסט אין דער גאַנצער אומגעגנט מיט זיין פּאָשעטער באַשיידנקייט און האַרציקער מענטשן־ליבע. ער האָט געגעבן אום גנאָד, ווייל זיין פרוי האָט זיך אין שטוב געראַנגלט מיטן טויט. דער ענטפער איז געווען אַ שטיין, וואָס האָט אים געטראָפן אין שטערן, באַגלייט פון אַ געלעכטער און כויזעק־ווער־טער פון דעם. ווער עס האָט דאָס געטאָן. זיין פרוי איז געשטאָרבן.

ווען דער אַלטער מאַן האָט זי באַגראָבן, האָט ער געוואָרפן אַלץ: זיין הויז, זיין מעבל, דעם גאָרטן און אַלץ, וואָס דאָרטן איז נאָך געווען. ער האָט נאָך מיטגענומען אַ פּאָר זאַכן, צו וועלכע ער איז געווען צוגעבונדן, האָט פאַרמאַכט די פענצטער און איז אַרויס פון דאָרף, באַגלייט פונעם געלעכטער פון 20־יאָריקע, געגריסט מיט מיטלייד פון אַן אַלטער פויערטע. אין פראַנקפורט לעבן הונדערטער אַזעלכע פאַרטריבענע, וועלכע האָבן מער ניט געקאָנט אַריבער־טראָגן די דערנידעריקונגען אין די אַרומיקע דערפער. מע האָט מיר געוויזן אַ יונגנמאַן, וואָס אַרבעט אין דער שטאָט און פאַר־ברענגט סאָף וואָך אין דער היים אין זיין דאָרף. אין דער וואוינונג פון זיינע עלטערן פאַרוויילט ער זיך אויף אַזאַ אופן: ער צילט פון אַ ביקס דורך אַ לאָך אין דאַך אין די פענצטער פון די אידישע איינוואוינער. דאָס גאַנצע דאָרף ווייסט, אַז ער טוט דאָס, אָבער קיינער שטערט אים ניט. די אידן האָבן ניט דעם מוט צו באַקלאָגן זיך דערויף. לויט אַ באַשטימונג פון די מאַכט־אָרגאַנען טאָרן די פויערים מער ניט האַנדלען מיט קיין אידן. קיין איינציקער פויער דערוועגט זיך ניט צו האַנדלען קעגן דער דאָזיקער באַשטימונג: ער האָט מוירע מע זאָל אים ניט בויקאָטירן. אַפן פי־מאַרק אין פראַנקפורט וואַגט קיינער ניט קויפן עפּעס באַ אַ אידן. עס איז פעסטגעשטעלט, אַז די אידן אין דאָרף שטאַרבן אויס באַ אַזוינע אומשטענדן. דאָס איז טאַקע דער ציל פונעם אַנטיסעמיטיזם. באַ דער גרעסטער שפּאָרזאַמקייט, גייט באַ די אידן אויס דאָס אָפּגע־שפּאָרטע געלט, און מיט דער צייט וועלן זיי געוואוינט ווערן צו וואַרפן אַלץ און לאָזן זיך גיין אַלס בעטלער און שלעפּער“.

אַזוי אַרום האָט זיך פאַרמערט די צאָל שטעט, פון וועלכע עס זיינען פאַרטריבן געוואָרן די לעצטע אידישע פאַמיליעס. אין מיזרעך־פּרייסן, אין פּאָמערן, אין מעקלענבורג, אין מיטל־דייטשלאַנד, אין העסען און אין פראַנקען זיינען גאַנצע געגנטן געוואָרן „אידן־ריין“. דער אידישער דאָרפישער האַנדל און דער איינצל־האַנדל, די אידישע האַנטווערקערייען אין די דאָזיקע געגנטן פאַרניכטעט געוואָרן, און די קאָרבאַנעס האָבן געזוכט האָפענונגסלאָז און אָן פּערספּעקטיוון אַ מעגלעכקייט פון

כאיונע אין די גרויסע שטעט אין דער האפענונג, אז דארט וועט מען וויניקסטנס ניט באדראען זייער לעבן און מע וועט ניט טייטלען אף זיי מיט די פינגער אין די גאסן.

פון די קליינע שטעטלעך און פון די דערפער זיינען זומער און הארבסט 1935 געקומען רעגולער טריאומפס־מיטיילונגען וועגן דער באזייטיקונג פון די אידן פונעם האנדל. מיר ברענגען דא אייניקע מוסטערן פון אזעלכע מעלדונגען:

„דאס שטעטעלע לאנג־געני אין העסען מעג זיך רימען, וואס עס האט איינגעארדנט דעם ערשטן אידן־פרייען מארק. בא דער דאזיקער געלעגנהייט איז אפן מארק־פלאץ פארגעקומען א גרויסע פייערונג, אין וועלכער עס האט אויך גענומען אן אנטייל דער שטאטהאלטער פון העסען שפרענגער; ער האט אויפגעפאדערט דאס פאלק צו ראסישער איינהייט, קעדיי אלע דייטשן זאלן ענדלעך ווערן אויך אינערלעך נאציאנאל־סאציאליסטן.

*

דער „מינסטערישער אנצייגער” פון 14־טן אקטאבער מעלדעט וועגן א גרויסן אאוקציאן אף מילך־פי אין מינסטער, וואס וועט פארקומען אן דער באטייליקונג פון אידן.

*

אפן אאוקציאן און צום הארבסט־יאריד אין מאנהיים איז די אידן פארבאטן געווארן דער אנטייל.

*

דער מארק־עלטסטער פונעם ווילהעלמסהאפענער מארק־פלאץ האט פאר די אידן איינגעארדנט אן אפגעזונדערט ארט. אברייטער גרויסער פלאקאט מיט דער אויפשריפט „ארט פאר אידן” באצייכנט דאס דאזיקע ארט.

*

אף דעם וועכנטלעכן פי־מארק אין וועגער איז איבערגעלאזן געווארן אן ארט, וואס איז באצייכנט געווארן מיט א שילד אלס „ארט פאר אידן”. דא קאנען אידישע פי־הענדלער אנבאטן זייער פי. דאס ווערט

דער דאָזיקער פּלאַץ אַזוי באַוואַכט, אַז קיינער באַוויייזט זיך ניט אין דעם דאָזיקן ווינקל. אַזוי איז אויך אַף דעם פי־מאַרק אין לעער. דעם גרעסטן מאַרק פון דעם דאָזיקן מין אין גאַנץ מיזורעך־פריזלאַנד; דאָרטן איז אַ טייל אָפּגעצאַמט און באַצייכנט מיט שילדן אַלס אָרט פאַר אידישע הענדלער.

די פאַרניכטונג פון די אידישע לאַנדאַדעם־געשעפטן אין די קליינע און מיטעלע שטעט קומט ווייטער פאָר פּלאַנמעסיק. דער בויקאָט ווערט ווייטער געפירט אין אַלערליי פאָרמען אַזוי לאַנג, ביז מע צווינגט דעם איד צו פאַרקויפן זיין געשעפט. אויב דעם קאָמפּעטענטן ווירטשאַפט־צענטער פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פאַרטיי, דאַכט זיך, אַז דער פאַרקויף־פּרייז איז צו הויך, באַשטימט ער אַליין דעם פּרייז, דערביי ווערט אַ פאַרקויף פּרייז פון 30 פּראָצענט פונעם ווערט פונעם געשעפט באַטראַכט אַלס אַ נישקאָשעדיקער פּרייז.

## אָן לוין און אָן ברויט

זינט דעם אָפיציעלן בויקאָט־טאָג, דעם 1־טן אַפּריל 1933, איז קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס אַרויסשטויסן די אידישע אַר־בעטער און אָנגעשטעלטע פון דער אַרבעט. צוערשט זיינען נאָך געווען אידישע פירמעס, וואָס זיי איז דערלויבט געוואָרן צו האַלטן זייער אי־דישן פּערסאָנאַל. מיט דער שטייגנדיקער ליקווידירונג פון די אידישע אונטערנעמונגען, האָבן די אידישע אָנגעשטעלטע אויך פאַרלאָרן זייער פּאַרנאָסע, ווייל אין ערגעץ אין דייטשלאַנד איז פאַר זיי ניטאָ קיין מעג־לעכקייט צו באַקומען ווידער אַ שטעלע.

שוין נאָך דעם 1־טן אַפּריל איז געקומען צו צאָלרייכע פּראָצעסן, אין וועלכע די אָפּגעזאָגטע אָנגעשטעלטע האָבן אומזיסט געפאָדערט, מע זאָל זיי ווידער געבן אַרבעט: זיי האָבן זיך נאָך דעמאָלט ניט פאָרגע־שטעלט, אַז זייער אידישקייט איז אַ גענוגנדיקער מאָטיוו אַרויסגעוואָרפן צו ווערן פון דער אַרבעט. פון דעם יאָם מאַטעריאַל, וואָס איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר דעם דאָזיקן צייט־פּעריאָד, ציטירן מיר איין אָרט פון דער דערקלערונג, וועלכע די אַקציע־געזעלשאַפט, רודאָלף קאַרשטאַדט,

דער באוואוסטער אוניווערסאלער מאגאזין פון בערלין, האָט דערלאנגט אין געריכט אלס ענטפער אף דער אָנקלאָגע פון די באזייטיקטע אידישע אָנגעשטעלטע. אין דער דערקלערונג ווערט געזאָגט:

„עס איז א פאקט, וואָס קאָן ניט אָפּגעלייקנט ווערן, אז די אָנגעהעריקע פון דער אידישער ראסע זיינען היינט אין דער דייטשישער איכּפעריע מער ניט קיין פולווערטיקע און גלייכבארעכטיקטע מעלוכע־בירגער, ווי זיי זיינען געווען פריער, — יעדנפאלס אינעם ווירטשאפטלעכן לעבן און פארן געזעץ... דער דאָזיקער אומשטאנד — די פריער אָנערקענטע פולווערטיקייט פון די אָנקלאָגער — האָט געבילדעט דעם יעסאָד און די פּאָרויסזעצונג פון דעם אָפּמאַך, וואָס איז מיט זיי געשלאָסן געוואָרן. נאָר א פולווערטיקער מעלוכע־בירגער קאָן געבן דער פירמע פולווערטיקע די ארבעט, אף וועלכער זי קאָן פּרעטענדירן לויט דעם אָפּמאַך, וועלכן זי האָט געשלאָסן מיט די אָנקלאָגער"...

צו דער דאָזיקער דערקלערונג איז צוגעלייגט געוואָרן אן ארטיקל פון דער „נאציאָנאל־ציייטונג", גערינגס אָרגאַן, אין וועלכן עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, אז באַ א רעוויזיע פונעם קארשטאדט־מאגאזין האָט זיך ארויסגעוויזן, אז עס האָט דאָרט נאָך געארבעט א אידישער צענטראל־איינקויפער. האגאם די פירמע האָט דערקלערט, אז אלע אידישע אָנגעשטעלטע זיינען באזייטיקט געוואָרן.

„אזא אויפירונג פון דער הויפּט־פאַרוואלטונג, — ווערט געזאָגט אינעם ארטיקל, — איז אומדערהערט. די קרייז־אָנפירונג וועט אָנעמען גאנץ ענערגישע שריט בא דער איכּפערישער אָנפירונג אין בערלין קעגן די דאָזיקע מאַנעוורען".

דעם 30־טן אויגוסט 1933 האָט דער „אָנגריף" מיטגעטיילט, אז דער געריכט האָט אָפּגעוואָרפן די אָנקלאָגע פון די אידישע אָנגעשטעלטע קעגן דער פירמע קארשטאדט. דער „אָנגריף" האָט געבראכט די דאָזיקע ידיעה אונטער א גרויסער איבערשריפט: „די צוגעהעריקייט צו דער אידישער ראסע איז א לעגאלער מאָטיוו צו באזייטיקן פון דער ארבעט..."

אין דער נאציאָנאל־סאָציאליסטישער פרעסע געפינט מען קעסיידער אויפאָרדערונגען אָפּצוזאָגן פון דער ארבעט די אידישע אָנגעשטעלטע. אזוי

לייענען מיר אינעם „דאָרטמונדער גענעראַל־אַנצייגער" פון 12־טן יאַ־נואר 1934:

„עס מוז האָבן גאָר אַ באַזונדערן כיין, ווען אין אַזאַ אוניפי־צירטן גרויסן געשעפט מוז זיך דאָס פובליקום נאָך אַלץ לאָזן באַ־דינען פון עכטע אידן. יעדע דייטשישע פרוי מוז ענערגיש פּראָ־טעסטירן קעגן דעם, וואָס מע שטעלט זי אין אַזאַ לאַגע..."

נאָך אַזאַ פּרעסע־קאַמפּאַניע האָבן טויזנטער אידישע אָנגעשטעלטע פאַרלאָרן זייער ברויט, כאָטש זיי האָבן געהאַט געשלאָסן קאָנטראַקטן אויף אַ לאַנגער צייט.

## געוואָרן רעכטלאָזע העלאָטן

דער אידישער אָנגעשטעלטער, וואָס האָט נאָך זיין שטעלע נישט פאַרלאָרן, האָט ניט קיין שום פון קיין שום אָרגאַניזאַציע. ער איז אויס־געשלאָסן פון דעם „דייטשן אַרבעט־פראָנט", וואָס פאַרבייט די פּראָפעסיאָ־נעלע פאַריינען, ער קאָן ניט ווערן קיין מיטגליד פונעם „פאַרטרויאונגס־ראַט" פון די אָנגעשטעלטע, און קיין שום פאַרשטייערשאַפט שטעלט זיך פאַר אים ניט איין. קומט עס צום אָפזאָגן ווערן־עס-איז פון דער אַר־בעט, פאָדערן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע „פאַרטרויאונגס־ראַטן", אַז דער אידישער אָנגעשטעלטער זאָל זיין דער ערשטער קאָרבן. מע האָט גע־פּרואווט שאַפן אַ שוואַכן סוראָגאַט דורכן גרינדן אַ „בונד פון אידישע אַרבעט־נעמער". אָבער דעם 19־טן יוני 1934 האָט די נאַציאָנאַל־סאָציאַ־ליסטישע פּרעסע מיטגעטיילט אונטערן קעפּל: „קאָנפיסקירט אידיש געלט!", אַז „דער פאַרמעגן און דער קאַנצעלאַריע־מאַטעריאַל פונעם „בונד פון אידישע אַרבעט־נעמער" און פון זיינע אונטער־אָרגאַניזאַציעס און נעבן־אָרגאַניזאַציעס איז קאָנפיסקירט געוואָרן לעטוויוועס דער פּריי־סישער מעלוכע". אַזוי אַרום איז דער אידישער אָנגעשטעלטער און אַרבע־טער פולשטענדיק רעכטלאָז.

אין האַרבסט 1935 איז דער פאַרניכטונג־קאַמף אויף דעם דאָזיקן גע־ביט דורכגעפירט געוואָרן פולשטענדיק. געריכט־אורטיילן, גאַסן־טעראָר, ליקווידאַציע פון אידישע פירמעס, דער בויקאָט און די פּראָקלאַמירונג

פון די נירנבערגער אידן־געזעצן — דאָס אַלץ האָט געווירקט איניינעם. די באַזייטיקונג פון אידישע אָנגעשטעלטע האָט אַרומגענומען אָן אונטער־שייד דעם העכערן, דעם מיטעלן און דעם אונטערשטן פּערסאָנאַל. לויט די מיטיילונגען פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּרעסע איז דער גאַנ־צער פּערסאָנאַל פון דער דרעזדענער באַנק אין בערלין אַריינגעטראָטן אין דעם „אַרבעט־פראָנט". אַזוי ווי דער „דייטשער אַרבעט־פראָנט" נעמט אָן נאָר אַרישע מיטגלידער, באַטייט עס פּאַקטיש, אַז אינעם גיגאַנטישן דרעז־דענער באַנק איז מער ניט פאַראַן קיין איין אידישער אָנגעשטעלטער. אין אַן אַרטיקל „דאָס פאַרקויפן אידישע געשעפטן" אינעם הויפּט־אָרגאַן פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, „פעלקישער בעאָבאַכטער", פון 23־טן אָקטאָבער פאָדערט דער ווירטשאַפט־רעדאַקטאָר פון דער דאָזיקער צייטונג, מע זאָל דעם קויפער שטעלן אַ פאָדערונג, „ער זאָל אָפּזאָגן פון דער אַרבעט אַלע אידישע אָנגעשטעלטע".

באַלד נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון די נירנבערגער געזעצן האָט דער שטעלפאַרטרעטער פונעם דירעקטאָר פון די דייטשישע אייזנבאַנען אָפּגע־זאָגט פון דער אַרבעט אַלע אידישע אָנגעשטעלטע, וואָס זיינען נאָך, אַלס געוועזענע פראָנט־קעמפער, ביז דעמאָלט געהאַט פאַרבליבן אויף דער אַר־בעט.

קעדיי אויף ווייטער זאָל די אידישע יוגנט ניט האָבן קיין צוטריט צום האַנדל אָדער צו דער האַנטווערקעריי, האָט דער „שטירמער" (נומער 43) אָנגעהויבן צו שטעמפּלען די קריסטלעכע אייגנטימער פון געשעפטן, וואָס האָבן נאָך געהאַלטן בא זיך אידישע לערן־אינגלעך.

צווישן די באַזונדערע מאָסמיטלען פון דער לעצטער צייט, דאַרף מען פאַרצייכענען, אַז בא אַלע אידישע לאָטעריי־קאָלעקטורן האָט מען אָפּגענומען זייערע פּאַטענטן אין מעשעך פון 24 שעה. דערביי האַנדלט זיך מערסטנטייל וועגן געוועזענע פראָנט־קעמפער, ווייל אַלע אַנדערע אידישע עלעמענטן זיינען שוין באַזייטיקט געוואָרן אין די יאָרן 1933 און 1934.

דעם 14־טן יולי 1935 האָט דער אַרבעט־געריכט אין קעלן צוגע־שטימט צום טויט פון איינעם אַן אונטערנעמער, וואָס האָט אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט אַן אָנגעשטעלטן אויף דעם סמאך, וואָס יענער איז אַ האַלב־

אריער; דער אונטערנעמער, הייסט עס, האָט געהאנדלט אין איינקלאַנג מיט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּרינציפּן.

ווי אַזוי מע וואַרפט אַרויס אַף דער גאַס אידישע אַרבעטער, קאָן מען זען פון דעם פאָלגנדיקן באַריכט פון דער „פראַנקפורטער צייטונג" פון 26־טן אָקטאָבער 1935.

„אין אַ פירמע, וואָס האָט באַשעפטיקט בײַ 25 אַרבעטער, איז אין אָקטאָבער אָפּגעזאָגט געוואָרן אַן אַרבעטער, ווייל עס האָט אויסגעפעלט אַרבעט. דער אַרבעטער האָט דערלאַנגט אַן אָנקלאַגע אין געריכט, אָנווייזנדיק, אַז דאָס אָפּזאָגן אים פון דער אַרבעט איז ניט גערעכט, ווייל ער אַרבעט אין דער אונטערנעמונג שוין 15 יאָר, ער האָט אַ פרוי און צוויי קינדער, און אין דער זעלבער צייט אַרבעטן אין דער אונטערנעמונג אומפאַרהייראַטע און אַ סאַך אינגערע אַרבעטער. אים האָט מען אָפּגעזאָגט נאָר, ווייל ער איז אַ איד. ווייטער האָט ער אָנגעוויזן, אַז אַלס פראָנט־קעמפער האָט ער מיטגעמאַכט די מילכאָמע, און ער האָט אַ צייכן פון אַ פראָנט־קעמפער...

דער אַרבעט־געריכט האָט אָפּגעוואָרפן די אָנקלאַגע מיט דער מאָטיווירונג, אַז דאָס אָפּזאָגן פון דער אַרבעט איז ניט אומבאַגרינדעט... „עמעס, — ווערט געזאָגט אינעם אורטייל, — אין דער אונטערנעמונג זיינען נאָך באַשעפטיקט אומפאַרהייראַטע און אינגערע אַרבעטער, אָבער מע קאָן ניט פאַרלייגן אַ פירער פון אַן אונטערנעמונג, ער זאָל צוערשט באַזייטיקן פון דער אַרבעט דייטשישע פאָלקס־כאַווירים, אַפילע אויב זיי זיינען אומפאַרהייראַט און אַרבעטן אין דער אונטערנעמונג נאָר אַ קורצע צייט, קעדיי צו באַשעפטיקן אַן עלטערן אַרבעטער, אַ איד".

## די פאַרניכטונג פון אידישע געשעפטן שלאָגט אויף אַרישע אַרבעטער

אַ סאַך אַרבעטער און אָנגעשטעלטע האָבן אין די דאָזיקע יאָרן פאַרלאָרן זייער אַרבעט, כאָטש זיי זיינען „אַריער". דער כורבן פון די אידישע אונטערנעמונגען האָט זיי אויך געטראָפן. דעם 16־טן אויגוסט 1935, ווען אַ אידישער אוניווערסאַלער מאַגאַזין אין ליבעק איז געצוואונגען גע־

ארבעט אינעם אימפערישן אינערן־מיניסטעריום". (געזעץ פון 7־טן אפריל 1933).

לויט די דאזיקע דירעקטיוון ווערן אפגעזאגט פון דער ארבעט אלע „ניט־ארישע" באאמטע, פאר באאמטע, וואס זיינען אנגעשטעלט זינט דעם 1־טן אויגוסט 1914, אדער וואס האבן געקעמפט אין דער וועלט־מיל־כאמע אפן פראנט פאר דער דייטשישער אימפעריע אדער פאר אירע פאר־בינדעטע, אדער אויב זייער פאטער צי זייערע זין זיינען געפאלן אין דער מילכאמע, זיינען נאך שפעטער, אין יאר 1935, אפגעשאפט געווארן. דער־פאר איז ביזן איצטיקן מאמענט געבליבן אין קראפט אן אנדער באשטי־מונג, וואס איז ארויסגעגעבן געווארן אין מערץ 1934 און וואס זאגט:

„אף אידן, וואס האבן זיך באטייליקט אינעם אונטערדריקן דעם קאמוניסטישן אויפשטאנד פון יאר 1920, אין די קאמפן אי־נעם באלטישן קאנט אדער אינעם באקעמפן די ריינישע סעפאראַ־טיסטן, דארף דער אריער־פאראגראף ניט אנגעווענדט ווערן".

אויך פון מיליטער ווערן די „ניט־אריער" באזייטיקט, אבער דער אנטשפרעכנדיקער געזעץ ווייזט פונדעסטוועגן אן, אז אין פאל פון א מיל־כאמע וועלן די „ניט־אריער" קאנען האבן דעם קאוועד צו דינען צוגלייך מיט די „אריער" אלס הארמאטן־פלייש.

אט וואס עס ווערט געזאגט אינעם געזעץ פון 22־טן מאי 1935:

„1. די אַרישע אפשטאמונג איז א פארויסזעצונג פארן אקטיוון מיליטער־דינסט.

2. צי און אין וועלכער מאס עס קאנען געמאכט ווערן אויס־נאמען באשטימט א פרואוואונג־ביורא לויט די דירעקטיוון, וועלכע עס גיט דער אימפערישער אינערן־מיניסטער אין פארשטענדיקונג מיטן אימפערישן קריגס־מיניסטער.

3. א שעף אין מיליטער־דינסט קאן זיין נאר א פערזאן פון אַרישער אפשטאמונג.

4. מיליטער־פליכטיקע פון אַרישער אפשטאמונג אינעם אק־טיוון מיליטער־דינסט און אינעם אורלויב־צושטאנד ווערט פאר־באטן כאסענע צו האבן מיט פערזאנען פון ניט־אַרישער אפשטאַ־

מונג. ווער עס ברעכט דעם דאָזיקן פארבאָט, פארלירט יעדן מי־
ליטערישן דינסט־ראנג.

5. דאָס דינסט פון די ניט־אריער בעיים א מילכאָמע וועט
באזונדער רעגולירט ווערן".

אין אן „אויספירונגס־פאראָרדענונג" צו דעם דאָזיקן געזעץ, וואָס
איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין יולי 1935 ווערט געזאָגט:

§ 2

„1. פערזאָנען, וואָס זייערעביידע עלטערן זיינען פון אידי־
שן בלוט אָדער זיי האָבן דריי אידישע אורעלטערן, ווערן ניט צו־
געצויגן צום אקטיוון מיליטער־דינסט; אף וויפל זיי זיינען פעיק
צום מיליטער־דינסט, ווערן זיי אָן אויסנאַם איינגעשלאָסן אינעם
צוגאָב־רעזערוו 2.

§ 3

„1. די באזיכטיקונג ווערט דורכגעפירט אומאָפּהענגיק פון
דער ראסן־צוגעהעריקייט".

דער איד ווערט באזיכטיקט, איינגעשלאָסן אין א באזונדערער פאָר־
מאַציע, און דער אויפן פון אויסנוצן אים בעיים דער מילכאָמע וועט
„באזונדער רעגולירט ווערן".

ער וועט האָבן דאָס רעכט צו שטארבן
פארן פאָטערלאנד. אָבער ער ווערט אָפּגע־
זונדערט און געשטעלט אויסערן געזעץ.

## די טראגעדיע פון די אידישע דאָקטוירים

וועגן דעם אָנטייל פון די אידן אין דער דייטשישער מעדיצין האָט
די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פראָפּאַגאַנדע — באזונדערס פאר דעם
איבערנעמען די מאכט און דירעקט נאָכדעם — געגעבן באוואוסטזיניק
געפעלשטע און איבערגעטריבענע אָנגאַבן. נאָך אין פעברואר 1934 האָט
דער אימפערישער אינערן־מיניסטער דר. פריק באהויפּט, אז אין דייטש־
לאנד זיינען 40 פּראָצענט דאָקטוירים געווען אידן. א זאמלהעפט, וואָס
איז פינאַנסירט פונעם פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטעריום און ארויסגעגעבן פו־
נעם פאַרטיי־פאַרלאַג „עהער" אונטער דעם נאָמען „אידן אין דייטש־

לאַנד", האָט אַף דעם זעלבן אויפן פּאַרשפּרייט פּאַרפּירנדיקע יעדיעס און סטאַטיסטישע אָנגאַבן וועגן דעם אָנטייל פון די אידן אין די פרייע פּראָ־פעסיעס. די דאָזיקע לעגענדע ווערט צעשמערט אין אַן אָפיציעלער מיט־טיילונג אינעם דייטשישן „ערצטע־בלאַט". לויט דער „פראַנקפורטער צייטונג" פון 1־טן יאַנואַר 1935 ווערט אין דער דאָזיקער מיטיילונג געזאָגט, אַז „באַם אָנהויב פון דער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע איז אין דייטשלאַנד געווען 6488 אידישע דאָקטוירים. באַ דער אַלגעמיינער צאָל פון 50.000 דאָקטוירים האָט דער אידישער אָנטייל באַטראָפן 13 פּראָצענט".

אינעם גרעסטן טייל פּראָפעסיעס זיינען די דייטשן געווען געצוואונגען לויטן געזעץ צו געהערן צו אַ קראַנקן־קאַסע. דער גרעסטער טייל דאָקטוירים זיינען געווען קאַסע־דאָקטוירים און פלעגן באַקומען דורכשניטלעך באַ 5 זעקסטל פון זייערע האַכנאַסעס פון די קאַסעס. יעדער דייטש האָט געקאָנט גיין צו דעם דאָקטער, צו וועלכן ער האָט געהאַט צוטרוי. איצט איז די לאַגע אַנדערש. אַפילע דאָ, וואו עס האַנדלט זיך וועגן דער געזונהייט און דעם לעבן פון אַ מענטשן, דאַרף פון איצט אָן אַנטשיידן ניט די קוואַליטעט און די אַרבעט, נאָר „ריין־ראַסיקייט". די „פאַראָרדענונג וועגן צולאָזן דאָקטוירים צו דער אַרבעט אין די קראַנקן־קאַסעס" פון 24־טן אַפּריל האָט אָפּגענומען באַ אַלע „ניט־אַרישע" דאָקטוירים די פּראַקטיק אין די קראַנקן־קאַסעס. אַן אויסנאַם ווערט געמאַכט נאָר פאַר די דאָקטוירים, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דער וועלט־מילכאָמע. ענלעכע געזעצן זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר צאָן־דאָקטוירים און צאָן־טעכניקער. די אַלע געזעצן זיינען דאַטירט פון פרילינג 1933. מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער, אין נאָוועמבער פון דעם זעלבן יאָר, איז די דאָזיקע געזעצגעבונג נאָך פאַרשאַרפט געוואָרן מיט דער באַשטימונג, אַז אין שטעט מיט העכער 100 טויזנט איינוואוינער טאָרן ביכלאַל קיינע אידישע דאָקטוירים מער ניט צוגעלאָזט ווערן צו דער פּראַקטיק אין די קראַנקן־קאַסעס.

נאַטירלעך, ווערט אויך דאָ די טענדענץ פון דער געזעצגעבונג אונטערשטיצט פון נעבנגעזעצלעכע מאַיסים און מאַסמיטלען. אַזוי לייענען מיר אין אַ פאַראָרדענונג פון דעם קאָמיסאַר, דעם פאָרזיצער פון דעם שטאָטישן אַנשטאַלט פאַר דער קראַנקן־פאַרזיכערונג אין בערלין:

„אז עס איז זעלבסטפארשטענדלעך דער נאציאנאלער כוויוו פון די פארזיכערטע ניט צו לאזן זיך באהאנדלען פון אידישע דאקטוירים. לויט דער פארשטייענדיקער ענדערונג פונעם געזעץ וועט דער פרייער אויסוואל פון דאקטער צוגעלאזט ווערן נאר צווישן דאקטוירים פון ארישער אפשטאמונג".

אן ערעך 3 טויזנט אידישע דאקטוירים זיינען אפיציעל אויסגעשלאסן געווארן פון דער קאסע־פראקטיק. דערצו קומען צו טויזנט דאקטוירים, וואס האבן פארלארן זייערע שטעלעס אלס דאקטוירים אין שפיטעלער, פארטרויאונגס־דאקטוירים א. א. וו. — אזוי טיילט מיט אין הארבסט 1934 דער צ.ק. פאר אידישער ווירטשאפט־הילף אין בערלין.

די ארישע פאציענטן האבן צוגעזען מיט פארביטערונג די בויקאט־וואך און די בויקאט־שילדן פאר די הייזער פון די אידישע דאקטוירים, וואס זיינען נאך צוגעלאזן געווארן צו דער פראקטיק, — קוידעמקאל אין די גרויסע שטעט — האבן מיטאמאל באקומען מער ניט־אידישע פאציענטן, איידער ווען־עס־איז פריער. אף אזא אויפן האבן ברייטע קרייזן פון דער באפעלקערונג דעמאנסטרירט קעגן די רעדיפעס אף אידן. די דאזיקע דערשיינונג האט אנגענומען אזא פארנעם, אז דאס אינפארמאציע־בלאט פון דעם „דייטשישן ארבעט־פראנט" האט באהויפט מיט צארן, אז „דאס הייסט אונטערשטיצן די שפיל פון די אומלעגאלע קאמוניסטישע גרופן, אויב מע לאזט זיך באהאנדלען פון אידישע דאקטוירים" (ציטירט לויט דער צייטונג „טאג" פון 15־טן אויגוסט 1935). ווייטער ווערט געזאגט:

„די דאזיקע גרופן האבן געגעבן א לאזונג אלע פיינט פונעם נאציאנאל־סאציאליזם: גייט נאר צו אידישע דאקטוירים! יעדער דייטש, וואס פאלגט דעם דאזיקן לאזונג, שטעלט זיך דערמיט אין די רייען פון די מעלוכע־פיינט, ווייל ער קאן אזוי האנדלען נאר ארויסגייענדיק פון צוויי מאטיוון: אדער ווייל ער וויל פאלגן דעם קאמוניסטישן געהיים־באפעל, אדער ווייל ער וויל זיך פארשאפן ניט־דערלויבטע פריווילעגיעס דורך די אידישע דאקטוירים. ווייל אין געשעפט־פאקוסן שטייגן זיי פאקטיש אריבער די ארישע דאקטוירים אזוי, אז מע ווילט זיי אויס באזונדערס גערן פאר־

דעכטיקע מעדיצינישע אָפּעראַציעס".

„זיינע אידישע געזעצן... הייסן דעם אידן... טויטן דעם ניט־אידן. אזוי ארום דערפילט דער איד נאָר זיין געזעץ... אויב ער באגייט א ריטועלן מאָרד"...

דער פירער פון דעם „דייטשישן ארבעטער־פראָנט" אַליין האָט זיך דערלויבט צו סטראַשען, אַז יעדער, וועער עס וועט זיך ווייטער לאָזן באהאנדלען פון אידישע דאָקטוירים, וועט אויסגעשלאָסן ווערן פונעם ארבעט־פראָנט. (און דערמיט איז אויטאָמאַטיש פארבונדן דאָס פאַרלירן די ארבעט!)

די „טעאָרעטישע" באגרינדונג פון דעם קרייץ־צוג קעגן די אידישע דאָקטוירים, גיט נאַטירלעך, יוליוס שטרייכער. אָט וואָס עס שטייט געשריבן אין דער צייטונג „דויטשע געזונטהייט אַלס בלוט און באָדן", וועלכע יוליוס שטרייכער גיט ארויס זינט אָנהויב 1935:

„טויזנט מאָל ערגער מוז זיין, ווען אידן און אידן־קנעכט שאַפן די מעטאָדן, לויט וועלכע דאָס דייטשישע פאָלק דאַרף איינהיטן זיין העכסט גוטס — די געזונטהייט... דאָ קאָן מען פארסאַמען אלץ, די געזונטהייט און די קראַפט, דעם קוואַל פונעם קערפערלעכן און פונעם גייסטיקן לעבן — דאָס בלוט!

ווען מיר קוקן פון דעם דאָזיקן שטאַנדפונקט אַף דער מעדיצינישער וויסנשאַפט פון דער איצטיקער צייט, מוזן מיר פעסטשטעלן מיט שוידער: דער איד האָט באהערשט די דאָזיקע וויסנשאַפט אינגאַנצן"...

נאָך דער דאָזיקער „וויסנשאַפטלעכער" גרונט־האַנאַכע ווערן באַוואָרפן מיט שמוץ די באַדייטנדיקסטע וועגווייזער פון דער מעדיצין, עס ווערן באוואָרפן מיט שמוץ זייערע דערגרייכונגען:

„רודאָלף ווירכאָוו, ראָבערט קאָך, פאַול ערליך, עמיל פאָן בערינג, גייסער און וואַסערמאַן — קימאַט אַלע אָן אויסנאַם אידן (נאָר ווירכאָוו איז ניט קיין איד, אָבער ער איז א אידן־קנעכט). ראָבערט קאָך און עמיל פאָן בערינג האָבן געהאַט אידישע פרויען, און מען דאַרף זיי דעריבער צורעכענען צו דער אידישער ראַסע... זיי אַלע האָט באהערשט דער זעלבער גייסט, — דער אידישער.

זיי האָבן בעפּיירעש געאַרבעט, קעדיי אויסצופּילן דעם איינהייט־לעכן פּלאַן פון זייער טאַלמוד. ווייל זייער גאַנצע לערע שטרעבט אַריינצוברענגען אינעם דייטשישן בלוט וועלכן־עס־איז ראַסן־פרעמדן גיפטיקן שטאָף דורך איינשפּריצונג און אַזוי ווייטער.

דורך דער מעדיצין און, פריער פאַר אַלץ, דורך אַריינשפּריצן סאַם, פירט דער איד דורך זיין טאַלמוד־געזעץ...

מיר וואָלטן אומזיסט געהאַט געקעמפט און געאָפּפערט, ווען מיר וואָלטן ווייטער איבערגעלאָזט דעם אידן די ספערע פון זיין גרעסטן רויב־און מאָרד־צוג קעגן דעם דייטשישן פאָלק, ווען מיר וואָלטן אים איבערגעלאָזט די מעדיצין".

צו די דאָזיקע „טעאָרעטישע אויספירן" דאַרף מען צוגעבן נאָך אַ „טעאָריע" — די „טעאָריע" וועגן: „ראַסנפרעמדן" איי־ווייסל.

דער בילדונג־מיניסטער פון בייערן, האַנס שעם, האָט געגעבן דעם „וויסנשאַפטלעכן קאַמף־פּאַראָל":

„ראַסן־פרעמד איי־ווייסל איז סאַם!"

אין אַ לייטאַרטיקל אין שטרייכערס מעדיצינישן אָרגאַן פאַנטאַזירט דער דאָזיקער מיניסטער:

„דאָס וויסנשאַפטלעכע גרונט־וואָרט פון דער ראַסן־פראַגע הייסט איי־ווייסל... איך וואָלט געקאָנט דערציילן וועגן אַ ריי עקספּערימענטן, אין וועלכע איך האָב, צום ביישפּיל, מיט אַ גאַנץ קליינער דאָזע פרעמד־אַרטיקן איי־ווייסל אומגעוואָרפן אין מעשעך פון עטלעכע סעקונדן אַ ריזן־קאָלאָס אַ העלפאַנד. פאַרוואָס? פרעמדאַרטיק איי־ווייסל איז סאַם. וואָס מער איך דערווייטער זיך פון דער ראַסע פונעם באַטרעפנדיקן טרעגער פון איי־ווייסל, אַלץ פרעמדער איז אַלזאָ דאָס איי־ווייסל, אַלץ גיפטיקער איז עס".

יוליוס שטרייכער מאַכט אויספירן פון דעם דאָזיקן „וויסנשאַפטלעכן עלאַבאָראַט" און קערט זיך אום צו זיין אייגנטלעכער טעמע, צום פאַר־שטויסן די אידישע דאָקטוירים:

„פרעמדאַרטיק איי־ווייסל איז דער זוימען פון אַ מאַן פון אַן אַנדער ראַסע... איינייִנציקער ביישלאָף פון אַ אידן מיט אַן אַרי־שער פרוי איז גענוג צו פאַרסאַמען איר בלוט אויף אייביק...

מיר ווייסן איצט פאַרוואָס דער איד שטרעבט מיט אַלע מיט־
לען צו שענדן דייטשישע מיידלעך ווי מעגלעך פריציייטיק, פאַר־
וואָס דער אידישער דאָקטער פאַרגוואַלטיקט זיינע פּאַציענטקעס
אונטער דעם נאַרקאָז!... די דייטשישע פרוי זאָל אויפנעמען דעם
פרעמדאַרטיקן זוימען פון אַ אידן אין זיך, זי זאָל מער קיינמאָל
ניט געבוירן קיין דייטשישע קינדער".

דאָס אַלץ איז ניט סטאַם אַן איינפאַל פון עפּעס אַ סעקטע. שטריי־
כער איז דעם „פירערס" פריינט, ער איז שטאַטהאַלטער, און דאָס איז די
אָפיציעלע מעדיצין פון דער „דריטער אימפּעריע". דער גרויסער פּאַך־אָר־
גאַן פון די דייטשישע דאָקטוירים, דאָס „דויטשע ערצטע־בלאַט", טיילט
מיט דעם 22־טן דעצעמבער וועגן שטרייכערס אַ צוויי־שאָיקער רעדע אַף
אַ פאַרזאַמלונג פון דייטשישע דאָקטוירים און שרייבט וועגן דער דאָזי־
קער רעדע:

„דאָס צו וואָס קיין שום וויסנשאַפטלער איז אין דעם לעצטן
צענדליק יאָרן ניט דערגאַנגען אַפן לאָגישן וועגן און אַפן גרונט פון
די דערפאַרונגען פון דער וויסנשאַפט, דאָס האָט יוליוס שטרייכער
אַנטדעקט אינטואיטיוו און האָט עס ארויסגעזאָגט..."

## 3. דער קולטורעלער געטאָ

דאָס אויסשליסן די „ניט־אַריער" פון די אַזוי גערופענע פרייע פּראָ־
פעסיעס איז די אויפגאַבע פון דער „אימפּעריעשער קולטור־קאַמער". לויטן
געזעץ וועגן דער קולטור־קאַמער דאַרף די דאָזיקע קאַמער קאָנטראָלירן:

„§ 1. יעדע קונסט־שאַפונג, אויב זי ווערט איבערגעגעבן דער
עפנטלעכקייט.

„§ 2. יעדע אַנדערע גייסטיקע שאַפונג, אויב זי ווערט איבער־
געגעבן דער עפנטלעכקייט דורך דרוק, קינאָ אָדער ראַדיאָ".

די פּרעסע, די ליטעראַטור, די מוזיק, דער טעאַטער, ראַדיאָ און
קינאָ, די בוך־קונסט, דער אַנטיקוואַר־האַנדל, ביכער־פאַרלאַגן, מוזיק־און
צייטונג־פאַרלאַגן — אַלץ גייט אַלזאָ אַריין אין דער קאָמפּעטענץ פון
דער אימפּעריעשער קולטור־קאַמער. פאַר די איינצלנע געביטן פאַרמאָגט

זי פאַך־קאַמערן. די באַזונדערע פאַך־אָרגאַניזאַציעס, ווי דער אימפּעריי־שער פאַרבאַנד פון דער פּרעסע, דער אימפּערישער פאַרבאַנד פון די דייטשישע שריפטשטעלער, געפינען זיך אונטערן קאָנטראָל פון די דאָ־זיקע פאַך־קאַמערן. אינעם פּאַראַגראַף 4 פון דעם געזעץ ווערט באַשטימט, אַז צו דער אָרגאַניזציע מוז געהערן יעדערער, וואָס ווירקט מיט „באַם פּראָדוצירן — באַם איבערגעבן, באַ דער גייסטיקער אָדער טעכנישער באַאַרבעטונג, באַ דער פאַרשפּרייטונג א.א.וו. פון „קולטור־ווערטן". אַל־זאָ, אויסער דער אימפּערישער קולטור־קאַמער איז ניט מעגלעך קיין שום קינסטלערישע, קיין שום שריפטשטעלערישע, קיין שום זשורנאַליסטישע אַרבעט־מעגלעכקייט. פאָלגנדיקער פּאַראַגראַף באַשטימט, ווער עס קאָן ניט זיין קיין מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע:

§ c. עס ווערן ניט אָנגענומען אַלס מיטגלידער אָדער עס ווערן אויסגעשלאָסן אַזעלכע פּערזאָנען, בענעגייע וועלכע עס איז פאַראַן אַ גרונט צו רעכענען, אַז זיי פאַרמאָגן ניט די לאָיאַלקייט אָדער די קוואַליפיקאַציע, וועלכע פאָדערט זיך פאַר זייער טעטי־קייט".

ווי מע דאַרף פאַרשטיין די דאָזיקע באַשטימונג בענעגייע אידן, דערקלערט דער פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער געבעלס אין אַ פאַראָרדענונג פון 7־טן פעברואַר 1934:

„אויב עמעצער ווערט באַטראַכט מאַכמעס באַשטימטע מאָטיוון אַלס ניט לאָיאַל אָדער ניט צוגעפּאַסט, קאָן מען אים ניט אָנעמען אַלס מיטגליד פון די פאַרבאַנדן. און נאָך מיין מיינונג, נאָך מיין דערפאַרונג איז אַ איד אין אַלגעמיין ניט פעיק צו פאַרוואַלטן מיט דייטשלאַנדס קולטור־רייכטמער".

## ראַסן־ריינע ליטעראַטור

די פונקציעס פון דער „אימפּערישער ליטעראַטור־קאַמער", פון דער פאַך־גרופּע פון דער אימפּערישער קולטור־קאַמער פאַר ליטעראַטור פירט אויס דער אימפּערישער פאַרבאַנד פון די דייטשישע שריפטשטע־לער, וואָס איז אין האַרבסט 1935 פאַרנאַנדערגעלאָזן געוואָרן קעדיי

דורכצופירן אַ נייע רייניקונג פון זיינע מיטגלידער. דעם 23־טן יולי 1933 האָט דער דאָזיקער פאַרבאַנד דערקלערט,

„אַז פּרינציפּיעל קאָנען זיין מיטגלידער נאָר אַזוינע שריפט־שטעלער, וואָס שטייען אויפן באָדן פון דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. באַם אָנעמען אין דעם אימפּערישן פאַרבאַנד דאַרפן אָנגעווענדעט ווערן די דירעקטיוון און פּרינציפּן, וואָס זיינען גילטיק פאַר באַאַמטע".

דאָס האָט באַטייט די איינפירונג פונעם אַריער־פּאַראַגראַף פאַר נייע מיטגלידער. אָבער אין די יאָרן 1933 און 1934 זיינען נאָך געווען איינציקע „ניט־אַרישע" מיטגלידער. אין מערץ 1935 זיינען זיי אויך אויסגעשלאָסן געוואָרן. וואָס דאָס אויסשליסן באַטייט האָט מען קלאָר דערקלערט די אויסגעשלאָסענע אין אַ צירקוליאַר פון דער אימפּערישער ליטעראַטור־קאַמער:

„לויטן ווילן פון דעם פירער און רייכס־קאַנצלער דאַרף די פאַרוואַלטונג מיט די דייטשישע קולטור־רייכטימער זיך געפינען אין די הענט פון פאַסיקע און זיכערע פאָלקס־כאַווירים... נאָר דער, וואָס פילט זיך פאַרבונדן מיט זיין פאָלק דורכן ראַסן־בונד און וואָס פילט זיין פאַרפליכטונג פאַרן פאָלק, קאָן זיך אונטערנעמען צו ווירקן דורך דער גייסטיקער און קולטורעלער שאַפונג אויפן אינער־לעכן לעבן פונעם פאָלק. איר, אַלס ניט־אַריער, זייט ניט אימשטאַנד צו פילן אַזאַ פאַרפליכטונג. די פאַרעפנטלעכונג פון שריפטשטעלע־רישער אַרבעט אינעם געביט פון דער קאָמפּעטענץ פון דער אימ־פּערישער ליטעראַטור־קאַמער ווערט אייך דערמיט פון איצט אָן פאַרבאָטן".

ניט נאָר די ווייטערדיקע פאַרעפנטלעכונג פון ווערק ווערט פאַר־באָטן, פון די עפנטלעכע ביבליאָטעקן זיינען באַזייטיקט געוואָרן אויך די אַלטע ביכער פון די אויסגעשלאָסענע „ניט־אַריער". און נאָך איידער די אימפּערישע ליטעראַטור־קאַמער האָט ענדגילטיק באַשלאָסן אויסצושליסן די אידן, איז די פאַרלאַגן פאַרגעלייגט געוואָרן ניט צו פאַרעפנטלעכן זייערע ווערק.

צו די, וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן אויסערן געזעץ און זיינען

פּאַרטריבן געוואָרן פון דייטשלאַנד, געהערן די דייטשישע וועלט־באַרימ־טע שריפטשטעלער יאַקאָב וואַסערמאַן, ליאָן פויכטוואַנגער, אַלפרעד רעב־לין, אַרנאָלד צווייג, סטעפאַן צווייג, אַלפרעד קער, ערנסט טאָלער, אַנע זעגערס, עגאָן ערווין קיש, דער פילאָסאָף טעאָדאָר לעסינג (אים האָבן די דייטשישע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן שפּעטער דערמאָרדעט אין טשע־כאָסלאָוואַקיע).

ניט נאָר לעבעדיקע, טויטע באַגאַנוועט מען אויך. אין די דייטשישע לייען־ביכער געפינט זיך היינריך היינעס „די לאָרעליי" מיט דער צו־שריפט: „דייטשיש פאָלקסליד". אָבער דער דענקמאָל פון היינריך היינע איז דערוויטערט געוואָרן פונעם עפנטלעכן פּאַרק אין האַמבורג און איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַ שטאַל. נאָך אין יאָר 1932 איז דערשי־נען אַן אויפרוף צו שטעלן אַ דענקמאָל היינען אין דיסעלדאָרף. אין דעם דאָזיקן אויפרוף איז געשטאַנען געשריבן:

„זיין דענקמאָל — מיר ווייסן דאָס און מיר ווילן דאָס אַזוי טאָן — איז אונדזער נאָך ניט דערפילטער כויוו פאַרן פאָלק, פאַר דער דיכטער־קונסט און פאַר דער צוקונפט".

דעם אויפרוף האָבן אונטערגעשריבן צווישן אַנדערע רודאָלף בינ־דינג, וואַלטער בלעם, אָטאָ בריס, האַנס היינץ עווערס, מאַקס האַלבע, האַנס יאָסט, היינריך לערש, אָסקאַר לערקע, וואַלטער פאָן מאָלאָ, יאָסעף פּאָנטען, ווילהעלם פאָן שאָלץ, עדוארד שטוקען. די זעלבע פיגורן האָבן אין אַ יאָר אַרום, אין יאָר 1933, אונטערגעשריבן אַ „טרייהייט־שוואוע פון די דייטשישע דיכטער דעם פאָלקס־קאַנצלער אַדאָלף היטלער". וואָס אונטער זיין פירונג איז דער טויטער היינע צוזאַמען מיט די לעבעדיקע דייטשישע דיכטער און שרייבער פון אידישער אָפּשטאַמונג פאַרטריבן געוואָרן אין גייסטיקן געטאָ.

## די „געריניקטע" פּרעסע

דער §5 פונקט 3 פונעם געזעץ וועגן רעדאַקטאָרן, וואָס איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן דעם 4־טן אָקטאָבער 1933, זאָגט:

„אַ רעדאַקטאָר קאָן זיין נאָר דער, וואָס שטאַמט פון אַריער

און איז ניט פאַרהייראַט מיט אַ פּערזאָן פון ניט־אַרישער אָפּשטאַ־
מונג".

צוערשט זיינען נאָך דערלאָזן געוואָרן איינציקע אויסנאַמען פאַר
פראָנט־קעמפער און פאַר אידן, וואָס זייער פאָטער איז געפאַלן אַפן
פראָנט. די דאָזיקע אויסנאַמען זיינען אויך צוגעלאָזן געוואָרן פאַר געווי־
סע רעדאַקציע־פּאָסטנס, וואָס פאָדערן פאַך־קענטעניש. אָבער אין יאָר
1935 איז די פאַרלאַגן פאַרגעלייגט געוואָרן אָפּצוזאָגן פון דער אַרבעט
אויך די לעצטע „ניט־אַריער", אַלציינס צי זיי זיינען פראָנט־קעמפער
אָדער ניט. די אידישע ספּעציאַליסטן האָבן, הייסט עס, באַדאַרפט צוויי
יאָר צייט אויסלערנען זייערע „אַרישע" נאָכפאָלגער.

אונטער דער הערשאַפט פונעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם האָבן אין
דייטשלאַנד אָנגעהויבן אויסגיין די צייטונגען. פאַרשוואונדן זיינען ניט
נאָר די פאַרבאָטענע צייטונגען פון די אַרבעטער־פּאַרטייען, נאָר אויך די
בירגערלעכע צייטונגען, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען אַף היטלערישע
רעלסן.

ווי מען קאָן זען פונעם יאָר־בוך פון דער רייכספּאָסט, וואָס איז
דערשינען סאָף אָקטאָבער 1935, זיינען אין דייטשלאַנד אין מערץ 1933
ארויסגעגאַנגען 11.300 צייטונגען און צייטשריפטן און אין מערץ 1935
— ניט מער ווי 8.700. דערביי דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז אין מע־
שעך פון די צוויי יאָר זיינען אויפגעקומען נייע צוויי טויזנט נאַציאָנאַל־
סאָציאַליסטישע בלעטער. עס האָבן זיך אַזוי אַרום פאַרמאַכט בא 4600
בלעטער. די צאָל עקזעמפּליאַרן, וואָס זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן דורך
דער פּאָסט, האָט זיך פאַרקלענערט אין מעשעך פון דער דאָזיקער צייט
אַף 400 מיליאָן. אין די דאָזיקע ציפערן דריקט זיך אויס דאָס פאַלן פון
דער צאָל לעזער פון צייטונגען אין דייטשלאַנד נאָר טיילווייז, ווייל
וועגן דעם פאַרקויף פון די צייטונגען אַף די גאַסן און וועגן דער פאַנאַנ־
דערשיקונג דורך קוריערן איז קיין שום אָנגאַבן ניטאָ.

דערפאַר וואַקסט דער טיראַזש פונעם „שטירמער". דער נומער פון
24־טן אָקטאָבער 1934 ברענגט די מיטיילונג, אַז דער „שטירמער" איז
דערגאַנגען צו אַ טיראַזש פון 486.000 עקזעמפּליאַרן. אין אָנהויב פון

דעם זעלבן יאָר האָט דער טיראַזש פונעם „שטירמער״ באַטראָפן ניט מער ווי 200 טויזנט עקזעמפּליאַרן.

# אַרישער טעאַטער, אידישער טעאַטער

דאָס פאַרטרייבן די אידן פונעם טעאַטער און פון דער קינאָ־אינדוסטריע האָט זיך אָנגעהויבן מיטן געזעץ וועגן דער ליקווידאַציע פון פּריוואַטע טעאַטער־אַגענטורן. לויט דעם דאָזיקן געזעץ איז די פונקציע פון די טעאַטער־אַגענטורן איבערגעגעבן געוואָרן דער פּאַריטעטער סצענע פאַרמיטלונג־ביוראָ אין בערלין. צוערשט האָט מען די דאָזיקע ביוראָ מיט געוואַלט „אויסגערייניקט״. די „פראַנקפורטער צייטונג״ פון 11־טן מערץ 1933 טיילט מיט:

„די פּאַריטעטע סצענע־פאַרמיטלונג־ביוראָ אין דער פּאָטסדאַמער שטראַסע איז היינט באַטאָג פאַרנומען געוואָרן פון שטורמאָוויקעס, וואָס האָבן אונטערגענומען אַן אונטערזוכונג.

אויף דער געבייד, וואָס געהערט דער שטאָט בערלין, האָט דער שטאַלהעלם צוערשט אויפגעהויבן די שוואַרץ־ווייס־רויטע פאָן. שפּעטער האָבן זיך באַוויזן שטורמאָוויקעס, וואָס האָבן אויפגעפאָדערט די אידישע טעאַטער־אַגענטן אָפּצושטעלן זייער טעטיקייט און פאַרלאָזן דאָס הויז״.

די בינע־פאַרמיטלונג־ביוראָ, די איינציקע וואָס מעג אַרבעטן, האָט פאַרלאַנגט פון די שוישפּילער און פון די רעזשיסערן, זיי זאָלן דערווייזן זייער „אַרישע״ אָפּשטאַמונג. אין די מעלוכישע און שטאָטישע טעאַטערן האָבן די אידישע שוישפּילער און רעזשיסערן, נאַטירלעך, גלייך פאַרלאָרן די אַרבעט. זיי זיינען אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם אַריער־פּאַראַגראַף בענעגייע באַאַמטע.

שוין אין מערץ, אין אַפּריל האָבן זיך אונטערן דרוק פון דער מעלוכע־מאַכט אָפּגעזאָגט די אידישע דירעקטאָרן פון די גרויסע פּריוואַט־טעאַטערן, וואָס זיי האָבן אויפגעבויט. איינער פון די ערשטע איז מאַקס ריינהאַרדט, דער פירער פונעם מאָדערנעם דייטשישן טעאַטער. גרויסע אַרטיסטן, ווי מאַקס פּאַלענבורג, אַלעקסאַנדער מאָיסי, ערנסט דייטש,

פריץ קאָרטנער, פעטער לאָרע, פריצי מאַסארי, אַלעקסאַנדער גראַנאַך, ערגין קאַלזער, עליזאַבעט בערגנער און אַ סאַך אַנדערע האָבן געמוזט פאַרלאָזן דייטשלאַנד. אַלבערט וואַסערמאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער ערן־מיטגלידערשאַפט פון דער „דויטשער בינע־גענאָסנשאַפט“. זיין פרוי איז אַ „ניט־אַריערן“, און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שיידן מיט איר.

דעם 15־טן אָקטאָבער 1935 איז די „אַרישע“ שוישפּילער היינץ רימאַן און ערווין פאַבער פאַרבאָטן געוואָרן צו שפּילן סיי פאַרן קינאָ סיי אין טעאַטער, ווייל זיי זיינען פאַרהייראַט מיט אידישע פרויען.

אַלטע פילמען מיט „ניט־אַרישע“ אַרטיסטן ווערן פאַרבאָטן. דעם 16־טן יוני 1935 שרייבט די „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־קאָרעס־פּאָנדענץ“:

„מע קאָן זען אומעטום, ווי פילמען מיט ניט אַרישע אַרטיסטן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן פאַרן 30־טן יאַנואַר 1933 און צוגע־לאָזן געוואָרן פון דעם פילם־פּרואוו־צענטער, ווערן ווידער דעמאָנ־סטרירט אין די קינאָ־טעאַטערן. מע מוז אויפמערקזאַם מאַכן דע־רויף, אַז די דאָזיקע פילמען, באַזונדערס ווען אין זיי באַטייליקן זיך שוישפּילער, וואָס זיינען באַוואוסט אַלס עמיגראַנטן, זיינען פאַרבאָטן. ניט נאָר אויפירן זיי, נאָר אויך אויסלייען און אַרויס־פירן אַזוינע פילמען איז פאַרבאָטן“.

עס איז אָבער פאַראַן איין סצענע אין דייטשלאַנד, אויף וועלכער עס שפּילן אידן. אויף דער דאָזיקער סצענע שפּילן אפילו נאָר אידן: דאָס איז דער „טעאַטער פונעם קולטור־בונד פון די דייטשישע אידן“. דער דאָ־זיקער טעאַטער באַשעפטיקט נאָר אידן און ער שפּילט נאָר פאַר אידן. ער האָט ניט דאָס רעכט צו פאַרעפנטלעכן קיין רעקלאַמע, און דער צו־טריט קומט פאַר לויט איינלאַדונג־קאַרטן. דאָס זיינען די באַדינגונגען, אויף וועלכע דער דאָזיקער טעאַטער מעג שפּילן. דאָס איז אַ געטאָ־טעאַ־טער.

אָבער ווען דער „אידישער קולטור־בונד“ האָט אין אָקטאָבער 1935 געוואָלט שאַפן אַ פילם־פּראָדוקציע, וואָס זאָל געשאַפן ווערן נאָר פון אידן און זאָל זיין באַשטימט נאָר פאַר אידן, האָט דאָס געבעלס פאַר־באָטן.

אין יאָר 1933 האָט די טעאַטער־פּאַרמיטלונג־ביוראָ פּאַרעפּנטלעכט דירעקטיוון פאַר אַלע קינאָ־טוער און ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קינאָ־קאַמער. קיין שום פילם קאָן מער ניט אויפגעפירט ווערן, אויב אַלע וואָס זיינען באַשעפטיקט בא זיין שאַפן, זיינען ניט קיין מיטגלידער פון דער קאַמער. „ניט־אַריער" ווערן ניט אָנגענומען אַלס מיטגלידער. אַכוץ די אידישע שוישפּילער זיינען דערמיט אויסגעשלאָסן געוואָרן רעזשיסערן מיט אַ וועלט־נאָמען, ווי עריך פּאָמער, פריץ לאַנג, פּאַול טשינער, דזשאָ מיי, ווילהעלם טילע, ראָבערט סיאָדמאַק, און קאָמפּאָזיטאָרן ווי פרידריך האָלענדער, ריכאַרד ווערגער היימאַן, מישא ספּאָליאַנסקי.

דעם 17־טן אָקטאָבער 1935 האָט די אימפּערישע קינאָ־קאַמער געשיקט אַן אויפאָדערונג צו אַלע אידישע אייגנטימער פון קינאָ־טעאַטערס אין דייטשלאַנד, זיי זאָלן פאַרקויפן זייערע אונטערנעמונגען שפּעטסטנס ביזן 10־טן דעצעמבער 1935. אידישע אייגנטימער, וואָס וועלן ניט פאָלגן דער דאָזיקער אויפאָדערונג, פאַרלירן דעם 10־טן דעצעמבער זייער פאַטענט. אין דער זעלבער צייט איז בא די לעצטע אידישע פילם־פּראָדוצענטן אָפּגענומען געוואָרן די דערלויבעניש צו אַרבעטן.

## דער פּאָגראָם אין דער מוזיק

די דייטשישע מוזיק האָט נאָך דער מילכאָמע ווידער געוואונען דאָס פּרעסטיזש פון דער דייטשישער קולטור. דער סאַמע באַדייטנדיקער אינטערפּרעטאַטאָר פון דער דייטשישער מוזיק איז געווען דער דיריזשאָר ברונאָ וואַלטער. ער איז דער ערשטער געפאַלן אַ קאָרבן פון דעם פּאָגראָם אין דער מוזיק. דעם 16־טן מערץ 1933 איז אים פאַרבאָטן געוואָרן צו דיריזשירן אין לייפּציג און דעם 20־טן מערץ — אין דער בערלינער פילהאַרמאָניע. מיט דער דאָזיקער אָפענער באַזייטיקונג פון אַ קינסטלער מיט אַ וועלט־נאָמען איז געשאַפן געוואָרן אַן אַנטשיידנדיקער פּרעצעדענט.

מען האָט אָרגאַניזירט סקאַנדאַלן, און עס האָט דערביי אַמאָל אויך געטראָפן, אַז מע האָט אַלפּי־טאָעס אַריינגעפירט אַנטיסעמיטישע שלאָגאָטריאַדן אין אַ קאָנצערט־זאַל, וואו עס איז אויפגעטראָטן דער „אַריער"

ערמונד פישער, און זיי האָבן אים „באגריסט" מיט אויסגעשרייען: „איד גוטמאַן, ארויס!" — אין דער צייט ווען דער איד גוטמאַן האָט קאָנצערטירט אינעם בעבשטיין־זאַל, ווייט פונעם „פאָלקסצאָרן", אין אַ פולן זאַל. אַזוי ארום זיינען קינסטלער געוואָרן „שוץ־באַדערפטיק". דעמאָלט האָט מען זיי פאַרבאָטן אויפצוטרעטן.

די ליסטע פון די סאָליסטן וואָס קאָנען זיך מער ניט באַטייליקן אינעם דייטשישן מוזיק־לעבן, איז אַ ליסטע פון פאַרלוסטן פאַר דער דייטשישער קולטור. זי אַנטהאַלט די נעמען פון די פידלער: נאַטאַן מילשטיין, יאָסעף סיגעטי, יאשע כייפעץ, יעהודע מענוכין, בראָניסלאַוו הוּבערמאַן, מישע עלמאַן, פריץ קרייזלער; די וויאָלאָנטשעליסטן: עמאַנועל פייערמאַן, פאַבלאָ קאַזאַלס, ראַי עקאַרלענסאָוואַ, יאָסעף שוסטער; די פיאַניסטן: ארטור שנאַבל, וולאַדימיר האָראָוויץ, רודאָלף סערקין, מאָריץ ראָזנטאַל, לעאָניד קרייצער; די קוואַרטעטן: בוש, קלינגער, קאָליש, ראָזע, לענער, אַמאַר.

פאַרשטויסן געוואָרן זיינען די קאָמפּאָזיטאָרן שרעקער, שיינבערג, קרענעק, ווייל, אייסלער, הינדעמיט, האָרנשטיין.

ניט וויניקער „אומדייטשיש" איז געוואָרן אַ גרויסער טייל פון דער קלאַסישער מוזיק. עס זיינען פאַרבאָטן: גוסטאַוו מאַלער, מייערבער, אָפענבאַך, גאָלדמאַרק, וויינבערגער, מענדעלסאָן־בערטאָלדי. מע האָט באַשטימט אַ פּרעמיע צו פאַרבייטן מענדעלסאָנס געניאַלע מוזיק צום „זומערנאכט־טרוים" אַף אַן „אַרישער" מוזיק. מענדעלסאָנס מוזיק ווערט אַפילו געשפּילט אין דייטשישן ראַדיאָ, אָבער אָנשטאָט אַרויסצוברענגען פאַרן מויל זיין נאָמען זאָגט מען: „מוזיק, באַאַרבעט פון שולצע!".

ניט היימלעך איז דער גורל פון די וויניקער באַוואוסטע מוזיקאַנטן, וואָס זיינען אין זייער גרעסטער צאָל געוועזן קליינע אָנגעשטעלטע. זייער אַרבעטגעבער איז דער מעלוכישער אָדער דער שטאָטישער אָרקעסטער, די מוזיק־שול, דער ראַדיאָ. זיי זיינען אַרונטערגעפאַלן אונטערן אַריער־פּאַראַגראַף.

## דער פּאָגראָם אין די בילדער־גאַלערייען

אַף דעם דאָזיקן געביט האָט די „אוניפיצירונג" פון די מעלוכישע

און שטאָטישע בילדער־גאַלערייען געמאַכט דעם אָנהויב. די בילדער פון אידישער אָפּשטאַמונג שטייען היינט אין קעלער אָדער זיי ווערן אויס־געשטעלט אין ספּעציעלע „שרעק־קאַמערן", אַף אויסשטעלונגען פונעם „קונסט־באָלשעוויזם" אין פאַרשיידענע שטעט. מוזייען־אָנפירער און אויפזעער פון אידישער אָפּשטאַמונג זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זייער אַרבעט אָפן סמאַך פון דעם אַריער־פּאַראַגראַף. קונסט־היסטאָריקער מיט אַ וועלט־נאָמען זיינען פאַרטריבן געוואָרן.

די גרויסע און קליינע קינסטלער־פאַריייניקונגען, וואָס די אָנגעהע־ריקייט צו זיי גיט די מעגלעכקייט אָנטייל צו נעמען אין אַן אויסשטעל־לונג, זיינען שוין אוניפיצירט געוואָרן אין די ערשטע כאָדאָשים. דעם 10־טן מאַי 1933 טיילט מיט די „יודישע רונדשאַו":

„אין די האַיאָריקע אויסשטעלונגען פון דער „אַקאַדעמיע" וועט ניט זיין פאַרגעשטעלט מיט זיינע ווערק קיין איין אידישער מאָלער, סקולפּטאָר אָדער גראַפיקער. די אידישע מיטגלידער פון דער „סעצעסיע" האָבן געמוזט פאַרלאָזן דעם פאַריין.

„כאָטש אין אַנדערע פאַכן ווערן צוגעלאָזן אידן, געוועזענע אָנטיילנעמער פון דער וועלט־מילכאָמע, האָט מען דאָ אויסגעשלאָ־סן פון די אויסשטעלונגען אויך די אידישע קינסטלער — די גע־וועזענע פראָנט־קעמפער".

## די אינקוויזיציע אין דער וויסנשאַפט

אין דער דייטשישער וויסנשאַפט איז דער פּאָגראָם דורכגעפירט געוואָרן אַף דרייערליי אופאַנים. 1) דורך דעם אַריער־פּאַראַגראַף, וואָס האָט געטראָפן די „ניט־אַרישע" לערער פון די הויכשולן און מיטגלידער פון וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן, 2) דורך אויסשליסן די אידישע דאָק־טוירים און 3) דורכן פאַרבאָטן פאַרעפנטלעכן „ניט־אַרישע" ביכער. אַפן געביט פון דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג און אַקאַדעמישער טעטיקייט זיינען די רעדיפעס אַף אידן אַרויס ווייט איבער די געזעצלעכע נאָרמעס.

אין דער סטודענטנשאַפט פון די דייטשישע הויכשולן און אוני־ווערסיטעטן האָט דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער אַנטיסעמיטיזם געפו־

נען איינעם פון זיינע אקטיווסטע שלאָג־אָטריאַדן. דאָ זיינען געווען טויזנ־טער זין פונעם פאַראַרעמטן מיטלשטאַנד, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט אַף מעלוכע־שטעלעס, אַף פּראַקטיק פון אַ דאָקטער אָדער פון אַן אַדוואָקאַט און וואָס פלעגן זיך טאָג־טעגלעך אָנשטויסן אַף דעם פאַקט, אַז די דאָ־זיקע קאַריערע איז פאַרמאַכט, אַף דעם געביט הערשט אַ האָפענונגלאָזע איבער־פּראָדוקציע. די טעאָריע, אַז די אידישע סטודענטן דאַרף מען אויסשליסן מיט געוואַלט, איז פאַר זיי געוואָרן אַן עוואַנגעליום. אין האַרבסט 1935 איז עס דערגאַנגען דערצו, אַז מע האָט געפאָדערט דער־ווייזן מיט אַקטן די אַרישע אָפּשטאַמונג פון די עלטערן, קעדיי אָנגענומען צו ווערן אין אוניווערסיטעט.

איידער מע האָט דורכגעפירט די דאָזיקע ראַדיקאַלע מאָסמיטלען, פלעגט מען די אידישע סטודענטן פּאַשעט מיט געוואַלט פאַרטרייבן פון די הויכשולן, מע האָט זיי געשלאָגן און אַרויסגעטריבן פון די אודיטאָ־ריעס. דעם 19־טן אַפּריל 1933 האָט די „דייטשע סטודענטנשאַפט״, די צוואַנג־קאָרפּאָראַציע פון אַלע „אַרישע״ סטודענטן, אויפגעהאַנגען אין בערלינער אוניווערסיטעט 12 טעזיסן „קעגן דעם אומדייטשישן גייסט״. צווישן די דאָזיקע „טעזיסן״ געפינען זיך די פאָלגנדיקע:

„אונדזער געפערלעכסטער קעגנער איז דער איד, און דער, וואָס איז אים אונטערטעניק.

דער איד קאָן דענקען נאָר אידיש; אויב ער שרייבט דייטש, ליוגט ער. דער דייטש, וואָס שרייבט דייטש, אָבער דענקט ניט דייטש, איז אַ פאַרעטער! דער סטודענט, וואָס שרייבט און רעדט ניט דייטש, איז דערצו נאָך געדאַנקענלאָז און ווערט אומטריי צו זיין אויפגאַבע.

מיר ווילן די אידן באַטראַכטן אַלס פרעמדע. מיר פאָדערן דע־ריבער פון דער צענזור:

„די אידישע ווערק זאָלן דערשיינען אין דער העברעישער שפּראַך, אויב זיי דערשיינען אין דייטש, דאַרף מען זיי באַצייכע־נען אַלס איבערזעצונגען. אָנווענדן די שאַרפסטע שטראָפן קעגן מיסברויכן מיט דער דייטשישער שריפט.

דייטשישע ליטעראַטור דאַרף זיין נאָר פאַר דייטשן. דער ניט

דייטשישער גייסט זאָל פאַרניכטעט ווערן אין די עפנטלעכע ביב־ליאָטעקן".

די בערלינער אָנפירונג פון דער „דייטשישער סטודענטנשאַפט", וועלכע די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע מעלוכע באַטראַכט אַלס געזעצלע־כע פאַרטרעטונג און צוואַנג־אָרגאַניזאַציע פון די סטודענטן, פאַרעפנט־לעכט אָנהויב מאַי 1933 אַן אויפרוף, וואו עס שטייט געשריבן:

„עס וועלן אַפילע אינעם נאָענטסטן מערץ נאָך זיין אייניקע אידישע פּראָפעסאָרן, וואָס פאַלן ניט אַרונטער אונטער די באַשטי־מונגען פונעם געזעץ געגן באַאַמטע, זיי וועלן לייענען זייערע לעק־ציעס אינעם בערלינער אוניווערסיטעט... אידן קאָנען אָבער ניט זיין קיין פירער פון סטודענטן. דער דייטשישער סטודענט וויל ניט באַקומען די פּרינציפּן פון זיין דענקען און פון זיין וויסן דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ אידן. דעם קומענדיקן זומער־סעמעסטער איז דער כיווו פון יעדן דייטשישן סטודענט ניט אָפּצוגעבן קיין עקזאַ־מען בא אידישע פּראָפעסאָרן און ניט צו הערן בא זיי קיין לעק־ציעס. ווער עס אָנערקענט ניט די דאָזיקע פאַרפליכטונג, שטעלט זיך באַוואוסטזיניק אויסער די רייען פון דער דייטשישער סטו־דענטנשאַפט".

וואָס נוצט עס דעם אידישן דאָצענט און פּראָפעסאָר וואָס ער איז געווען אַ פראָנט־קעמפער; וואָס נוצט עס אים, וואָס ער האָט פאַרלאָרן זיין פאָטער אין דער מילכאָמע? לויט דעם געזעץ מעג ער אַפילע אונ־טעריכטן, כאָטש ער שטאַמט פון אידן, אָבער מע לאָזט ניט לערנען זיך בא אים, ווייל ער שטאַמט פון אידן. ווען ער האָט ניט קיין צו־הערער, קאָן ער ניט לייענען קיין לעקציעס.

פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין, דער וועלט־באַרימטער פיזיקער און שעפער פון דער רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, פאַרלאָזט די וויסנשאַפט־אַקאַ־דעמיע אין דייטשלאַנד. אויף די געביטן פון מאַטעמאַטיק און פיזיק און פון פיזיקאַלישער כימיע האָט דער אַנטיסעמיטישער באַרבאַריזם געבו־שעוועט באַזונדערס צעשטערנדיק; בא 20 פּראָצענט פּראָפעסאָרן פון די דאָזיקע ספּעציאַליסטן — צווישן דעם, 3 טרעגער פון די נאָבל־פּרע־מיעס, — האָבן פאַרלאָזן זייער קאַטעדרע. לויט די אָנגאַבן פון דער

לאנדאנער הילף־געזעלשאפט פאר דייטשישע וויסנשאפטלער זיינען אין דער ערשטער העלפט 1933 אפגעזאגט געווארן אלס „ניט־אריער" אדער פאליטיש ניט געוואונטשענע 350 וויסנשאפטלער. אין פרילינג 1935 האט די לאנדאנער הילף־ארגאניזאציע געציילט 1202 פארטריבענע. עס איז דורכגעפירט געווארן אן אומגעהייערע צעשטערונגס־ארבעט אין די וויסנשאפט־ערטער.

די אינקוויזיציע האט אפגעטאן איר ארבעט. איבער דער וויסנ־שאפטלעכער פארשונג און דער וויסנשאפטלעכער ארבעט טריאומפירט די פארשונג פון דעם כאסענע־בעט פון דער אידישער אדער ניט אידי־שער באבען.

שפיאנאזש, מעסירעס און קריכעריי הערשן אין די אוניווערסיטעטן און אין די אינסטיטוטן. דעם הערשנדיקן גייסט באווייזט, צום ביישפיל, אן אנקלאגע קעגן דעם וועלט־באוואוסטן יונגן פיזיקער און טרעגער פון דער נאבל־פרעמיע הייזענבערג, וואס איז געשיקט געווארן דעם 10־טן נאגעמבער 1934 „צום הער באפולמעכטיקטן פון דעם פירער צום וואכן אף דער וועלט־אנשוילעכער דערציאונג פון דער נאציאנאל־סאציאליס־טישער באוועגונג, דעם הער אלפרעד ראזענבערג". הייזענבערג האט אנגעוויזן אף מייקעלסאנס גרונט־עקספערימענט און האט געזאגט, אז די ספעציעלע רעלאטיוויטעט־טעאריע איינשטיינס „געהערט היינט צו די אבסאלוט געזיכערטע פרינציפן פון דער פיזיק". אין דער אנקלאגע־מעלדונג שטייט געשריבן:

„שוין דאס אליין איז א סקאנדאל, וואס דער אמעריקאנישער איד מייקעלסאן און דער נידערטרעכטיקער איד איינשטיין האבן באקומען פון די ראסן־פארעטערישע שוועדן די נאבל־פרעמיע, וועלכע דער אידישער אינטערנאציאנאל האט זיי געגעבן; אבער מע קאן נאך ווייניקער פארשטיין, ווען א דייטשישער הויכשול־פראפעסאר, וואס שוין צוליב זיין לערן־טעטיקייט וואלט ער באַ־דארפט אנגעהערן צו דער נאציאנאל־סאציאליסטישער באוועגונג, שטעלט זיך איין פאר דעם דאזיקן פארברעכער... קאן אזא מענטש פארנעמען א קאטעדרע אין א דייטשישער הויכשול? נאך מיין מיינונג נאך וואלט מען אים באדארפט געבן די געלעגנהייט צו

באקענען זיך גרינטלעכער מיט די טעאריעס פון די אידן פון דעם שניט, ווי איינשטיין און מייקעלסאן, און דער קאנצענטראציע־לאגער איז אן סאפעק דער פאסיקער ארט דערצו. אכוץ דעם וואלט באדארפט אונטערגענומען ווערן א באשולדיקונג אין פאלקס און ראסן־פאראט.

דער ענטפער איז געווען אזא:

„אימפעריישער אויפזיכט־צענטער פון דער נאציאנאל-סאציאליס-טישער ארבייטער-פארטיי” בערלין וו. 35 מארגאריטן-שטראסע 17
24-טן נאוועמבער 1935.

דעם הער אויבער-שטודיען-ראט דר. ראסקאמען, ריין־שטראסע
בערלין — פרידענאו

דער אימפערישער פירער פון דער נאציאנאל־סאציאליסטי־שער ארבעטער־פארטיי, באפולמעכטיקטער פינעם פירער צום אויפזיכט איבער דער וועלט־אנשוילעכער דערציאונג פון דער נא־ציאנאל־סאציאליסטישער באוועגונג, הייסט אייך ענטפערן, אז ער איז פרינציפיעל סאלידאריש מיט אייער אויפפאסונג. ער האט אפגעגעבן א פארארדענונג אנצעווייזן דעם הער פראפעסאר הייזענבערג אף דעם ניט־געוואונטשענעם אין זיין רעדע און האט אים אנגעוויזן אין דער פארם פון א פארוואורף, אז ער זאל מער ניט מאכן אזוינע באמערקונגען, וועלכע מע קאן באטראכטן אלס א באליידיקונג פון דער באוועגונג. צום באדויערן מוז מען נעמען אין אכט אויסלאנד און דעריבער קאן מען ניט אנווענדן צום פרא־פעסאר הייזענבערג קיין שארפערע מאסמיטלען אדער באשטראפן אים, ווי דאס וואלט בעעמעס געווען געוואונטשן.

הייל היטלער!

שטאב-פירער: אונטערגעשריבן אורבאן”.

# די אַרויסטרייבונג

פאַרשטויסן און געהעצט, פאַריאָגט פון זייער היים, אין ציטערנדי־
קער דערוואַרטונג אַף נייע פאַראָרדענונגען, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג
קאָן ברענגען — אַזוי לעבן די 500 טויזנט אידן אין דייטשלאַנד.

## דער „ספּאָנטאַן דערוואַכטער ראַסן־באַוואוסטזיין" ווערט אָרגאַניזירט

זומער 1935 זיינען אין גאַנץ דייטשלאַנד אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר־
אָרדענונגען וועגן דעם, ווי מע דאַרף אָרגאַניזירן די מאַסן־אויפוואַכונג
פונעם ראַסן־באַוואוסטזיין.

אָט איז אַ מוסטער פון אַזאַ פאַראָרדענונג:

„נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע דייטשישע
אַרבעטער־פּאַרטיי, באַצירק דאָרעם־האַ־
נאָווער — ברוינשווייג.
האַנאָווער 28־טן יולי 1935
דינקלאַגעהאוז
טעלעפאָן 24־451

באַצירק־פּראָפּאַגאַנדע־ביוראָ

צו אַלע באַצירק־גרופּן, פּראָפּאַגאַנדע־פירער און אָרטיקע גרופּן־
פּראָפּאַגאַנדע־פירער.

די אויפירונג פון די אידן אין אונדזער באַצירק, פּונקט ווי אין דער גאַנצער אימפּעריע, איז די לעצטע צייט געוואָרן זייער כוצפּעדיק. אין זיין פרעכקייט האָט דער איד אפּאָנעם פאַרגעסן, אַז ער לעבט אין דייטשלאַנד אַלס גאַסט און מוז זיך אַנטשפּרעכיק אויפירן. דולדן אויף ווייטער אַזוינע זאַכן וואָלט געהייסן פאַראַטן דאָס פאָלק און די מעלוכע, מיר זיינען געצוואונגען צו געבן אַלע באַצירק־פּראָפּאַגאַנדע־פירער און אָרטיקע גרופּן־פּראָפּאַגאַנדע פירער פאָלגנדיקע אינסטרוקציעס:

דעם 10־טן אויגוסט דאַרף מען אין אַלע אישווים פון דעם ראָזיקן באַצירק צוגרייטן שילדן מיט אַזוינע אויפשריפטן: (זע ביילאַגע, צ.ב. „אידן זיינען ניט געוואונטשענע געסט“) די מינימאַלע גרויס פון אַזוינע שילדן ווערט באַשטימט 1.50 אויף 9.80 מעטער. דעם שילד דאַרף מען באַפעסטיקן אויף צוויי פלעקער פון צוויי מעטער די הויך. אַלס פאַרבן האָבן מיר אויסגעוויילט די שוואַרצע בלאָק־שריפט (גרויסע און קליינע אויסיעס) אויף אַ ווייסן פאָן. דאָס וואָרט „איד“ דאַרף זיין אונטערגעשטראָכן מיט רויטער פאַרב און עס מוז זיך גוט וואַרפן אין די אויגן. ווי ווייט מעגלעך, דאַרף מען די שילד אַרומרינגלען מיט אַ שוואַרצער ראַם. די שילדן דאַרף מען אַרויסשטעלן אויף אַלע וועגן, וואָס פירן צום אישעוו. וועגן דעקן די הויצאָעס אויף די שילדן דאַרף מען זיך פאַרשטענדיקן מיט דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, מיט דער פרויען־אָרגאַניזאַציע, מיטן פויערים־פאַריין, מיט די שטורעם־אָפּטיילונגען א.א.וו. אויף אַזאַ אויפן, אַז יעדע פון זיי זאָל זיך אונטערנעמען צוצושטעלן אַ שילד. די שילדן דאַרפן אויפגעהאַנגען ווערן דעם 10־טן אויגוסט.

דאָס אויפהענגען די שילדן דאַרף פאָרקומען דעם 10־טן אויגוסט מיט אַ פייערונג, אין וועלכער עס דאַרף זיך באַטייליקן די גאַנצע באַפעלקערונג פונעם אישעוו. אַ קורצע איינדרוקפולע רעדע פון אַ ראַסן־באַוווּער(!) דאַרף זיין דער אריינפיר צו דער אַקציע און צום שלום דאַרף די גאַנצע מאַסע(!) זינגען לידער: „מיר שטורעם־סאָלדאַטן יונג און אַלט“ אָדער ענלעכע. די פרעסע דאַרף

אַפּריער ניט געבן קיין שום יעדיעס אָבער נאָכדעם דאַרף זי די אַקציע זייער גענוי באַשרייבן. צום סאָף שיקן מיר אייך אַ מוס־טער פון אַ פּלאַקאַט, וואָס איז אינעם באַצירק געטינגען באַנאַכט אָנגעקלעפּט געוואָרן אויף די פענצטער און טירן פון אַלע פּערזאָנען וואָס קויפן אין אידישע געשעפטן. די פּלאַקאַטן קאָן מען באַקומען דורך די „געטינגער נאַכריכטן", געטינגען, צום פּרייז 5 מאַרק פאַר טויזנט.

הייל היטלער!

אונטערגעשריבן ה. הוקסהאגען, באַצירק-פּראָפּאַגאַנדע-פירער".

די „ביילאַגע 1" צו דעם דאָזיקן פּראָגראַם־באַפעל רעקאָמענדירט אַזוי־נע אויפשריפטן אויף די שילדן: „אידן זיינען ניט געוואונטשענע געסט". — „אידן פאָרן אריין אין דעם דאָזיקן אישעוו אויף זייער אייגענער ריזי־קע". — „פאַרקערן מיט אידן הייסט ארויסגעשיקט ווערן פונעם דאָרף און פון דער געמיינדע". — „די איינוואוינער פון דעם דאָזיקן אישעוו ווילן ניט האָבן קיין שום פאַרקער מיט אידן". — „אין דעם דאָזיקן אי־שעוו האָבן אידן גאָרניט וואָס צו זוכן", אונטערגעשריבן: „די איינוואוי־נער". — „די אידן זיינען אונדזער אומגליק". — אידן קאָנען דאָ גאָר־נישט פאַרדינען". — „מיר ווילן קיין אידן ניט זען"

## גאַנץ דייטשלאַנד ווערט באַדעקט מיט שילדן

די אָנווייזונג ווערט דורכגעפירט פּינקטלעך. גאַנץ דייטשלאַנד ווערט באַדעקט מיט אַנטיסעמיטישע שילדן. די טעקסטן אַנטשפּרעכן טיילווייז דער פאָרשריפט „פון אויבן", טיילווייז זיינען זיי אַ פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע פון די קלענערע נאַצי־פירער. מיר גיבן דאָ אַ קליינע צאָל ביי־שפּילן פון דעם דאָזיקן שילדן־וואַלד:

בערלין (פּרייסישער פּאַרק)

„אידן איז דער צוטריט פאַרבאָטן".

„אידן, וואָס באַווייזן זיך נאָך 10 אַזייגער אין אָוונט אויסער זייערע וואוינונגען, ריזיקירן צו באַקומען קלעפּ!"

„אַף דייטשישע סקווערן, אַף דייטשישע בענק האָבן אידן גאָר־
נישט וואָס צו זוכן”.
בלאַנקענפעלדע (בערלינער פאָרשטאָט):
„נעמט דעם וועג פונדאַנען, אַניט גיבן מיר אייך אין..”
פראַנקענטאַל (פאַלץ) (אין אלע געשעפטן):
„אידן ווערן ניט באַדינט!”
אַף דער באַן־סטאַנציע נערמאַאָר בא ברעמען:
„דאָ זיינען אידן ניט געוואונטשן, און זיי קאָנען אַהער אַריינ-
קומען אַף זייער איינענער ריזיקע”.
בראַנדענבורג:
„אידן זיינען אין דעם דאָזיקן אישעוו ניט געוואונטשן!”
קרייז שפראָטאַו (אלע אישווים) און נייפערסט־קאָלאָניע בא זאגאן:
„אידן — ניט געוואונטשן!” (ליכט-שילדן)
קוראָרט פרייענוואַלד בא בערלין (באַם וואָקזאַל):
„אידן, נעמט דעם וועג; אייער צוג גייט אָפּ טייקעף”.
קרייז נייִשטעטין (אלע געמיינדעס):
„אידן זיינען ניט געוואונטשן!”
„אידן האָבן דאָ גאָרנישט ניט פאַרלאָרן”.
„אידן האַסן מיר”.
„אידן זיינען אונדזער אומגליק”.
„אידן זיינען אונדזערע פיינט”.
קרייז פראַנקענשטיין, אויבער־שלעזיע (אלע אישווים):
„אידן איז פאַרבאָטן האַנדלען און אַריינפאָרן אין דער גע-
מיינדע!”
פירמאַזען (צעפעלין־שאָסיי — הויפט־אַרטעריע פונעם פאַרקער):
„דער דאָזיקער וועג פירט ניט קיין פאַלעסטינע!”
(אַף דער קאַפע לויטפאָלד):
„דייטשלאַנד — דאָס האַרץ, יודא — די פויסט!”
באַצירק האַנאָווער (אלע שטעט און דערפער):
„אין דעם דאָזיקן אָרט לעבן אידן אַף זייער איינענער ריזיקע!”
„מיר ווילן ניט זען קיין אידן!”

„אידן זיינען ניט געוואונטשענע געסטן!“
„דייטשישער פאָלקס-כּאַווער, געדענק, אַז דער איד איז דיין
איוביקער פיינט!“
(אף פיר קינאָ־טעאַטערס און געשעפטן אין האַנאָווער, וועלכע מע האָט
אָפּגענומען בּאַ אידן):
רעקלאַמע טאָוולען מיט אַ נאַקעטער פיגור און דער אויפשריפט:
„אַזוי מוזן די אידן פאַרלאָזן דייטשלאַנד!“
שטריגאו, שלעזיע:
„דער איד איז אַפן מענטשהייטס רוקן,
וואָס פאַר אַ הונט פליי און מיקן!“
לודוויגסהאַפן (אף אַ געפערלעכן קערפּונקט אָפן שאָסיי) און אינעם קור־
ראָרט קרומהיבל, שלעזיע:
„אַכטונג, טויט-קערפּונקט! אידן מעגן פאָרן מיט אַ שנעלקייט
פון 120 קילאָמעטער!“
ריינגאַו, אָדעלוואַלד און טאַונוס (אומעטום):
„אידן איז דאָ פאַרבאָטן דער אויפהאַלט!“
מאַנהיים (אַלע גאַסטהייזער):
„אידן זיינען דאָ ניט געוואונטשן!
(אף אַ טורעם):
„פרויען, וואָס קויפן איין בּאַ אידן,
זאָל מען דערטרינקען אינעם אידישן טייך!“
וועסטפאַלן (אף צאָלרייכע מערק):
„אידן קומען אַפן מאַרק אַף זייער אייגענער ריזיקע!“
פראַנקפורט־אַם־מאַין (הויפּטפאַרקער־גאַס):
„אידן זיינען ניט קיין פאָלקס-כּאַווירים!“
„די אידן מוזן אַרויספאָרן פון פראַנקפורט“.
„פראַנקפורט איז אַ דייטשישע שטאָט“ א.אַוו
דער וואָקזאַל אין וועלהעלמסהאַפן:
„יעשייע 6, 31: „קערט זיך אום, קינדער פון איסראָעל!
„דער פאָר-פּלאַן איז אַרויסגעהאַנגען!“
אַף דער צווייטער זייט שטייט אַן אויפשריפט פון יעבעסקל,

וואָס לייענט זיך אַזוי: „איך וויל אייך זאַמלען פון צווישן
די געצנדינער און צוריק פירן אין אייער לאַנד!“
בערציג (סאאר־געביט):
„אידן זיינען דאָ ניט געוואונטשן!“
ליבעק (אַפן ראַטהויז):
„מע וואָרנט פאַר אידן און קעשענע-גאַנאָווים!“
מאַגדעבורג (אין אַלע טראַמווייען):
„ווער עס קויפט באַ אידן, איז אַ פאָלקס-פאַרעטער!“
רעזודען ביז טאָלקעוויץ (אף אַלע גאַסן־לאַמטערנעס לענגויס דער עלבע):
„אידן איז דער צוטריט פארבאָטן!“
גאַרמיש — פאַרטענקירכען (אין די קוראָרט־פּאַרקן א.א.וו.):
„דאָ זיינען אידן ניט געוואונטשן!“
אייזענאַך (באַ אַ קינדער־יאַנטעוו(!) אין סעפטעמבער 1935):
„גיט דעם אידן אין מאָרדע,
ער זאָל פאַרגעסן זיינע שווינדלען!“
מילהיים אַן דער רור (אַ טראַנספּאַראַנט אף דער הויפּט־גאַס פאַר דעם
אַמט פאַר קינדער־הילף!):
„קיינער זאָל ניט הונגערן,
קיינער זאָל ניט פרירן,
אָבער די אידן
זאָלן קראַפּירן!“

## מע פאַרטרייבט די אידן

אין אַ גרויסער צאָל שטעט, צווישן דעם אין שפייער, ערלאַנגען, טי־בינגען, ברעסלוי, נערדלינגען, אין אַלע געמיינדעס פון פראַנקען און הע־סען איז די אידן פאַרבאָטן געוואָרן שוין אין די יאָרן 1933—1934 דער אַריינגאַנג אין די עפנטלעכע באָד־ערטער. די אייגנטימער פון פּריוואַטע בעדער זיינען געצוואונגען געוואָרן (ווי, צום ביישפּיל, אין מאַנהיים) דורך דראָונגען פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּרעסע אָדער פון דער פּאַרטיי ניט צוצולאָזן מער קיין אידן. אין זומער 1935 איז די לאַגע

געוואָרן אַזאַ, אַז אין גאַנץ דייטשלאַנד איז מער ניטאָ קיין טייך, קיין אַזערע אָדער אַ באַסיין, וואו אידן זאָלן זיך מעגן באָדן.

באַוואוסטע קוראָרטן, ווי הערינגסדאָרף, בינץ אָדער נאָרדערניי נע־מען מער ניט צו קיין אידישע קורגעסט זינט דעם יאָר 1933.

וואו מע נעמט זיי נאָך יאָ צו, מוזן זיי זיך רעכענען דערמיט, אַז מע קאָן זיי דורך נאַכט אַרויסוואַרפן פון די גאַסטהייזער און פון די קוראָרטן גופע.

טיילמאָל ווערן אידן אַרויסגעטריבן אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ באַזוך פון אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן פירער אין דער שטאָט. אַזוי האָט זיך סוף יולי דערפילט אומבאַקוועם היטלערס שטעלפאַרטרעטער רודאָלף העס אין האָהענליכען באַ בערלין, פאַרנדיק אויף אַ שיפל, ווייל אַפן ברעג זיי־נען געשטאַנען מיטגלידער פון אַ אידישן רודער־קלוב. די רעזולטאַטן האָט מיטגעטיילט די „באַזעלער נאַציאָנאַל־צייטונג" פון 30־טן יולי:

„די שטורמאָוויקעס און די היטלער־יוגנט האָבן געצוואונגען די אידן צו פאַרלאָזן דעם לאַגער און אומקערן זיך קיין בערלין. אין דער שטאָט ליבען זיינען די אידן אויפגעפאָדערט געוואָרן דורך פלאַקאַטן און צעטלען, וואָס זיינען אויסגעקלעפט געוואָרן אין אַלע ווינקלען, צו פאַרלאָזן דעם אָרט צו אַ באַשטימטן טאָג".

מיט איניקע טעג שפּעטער האָבן באַ 400 אידישע קורגעסט, מער־סטנטייל אַלטע לייט, האַרץ־קראַנקע, געמוזט פאַרלאָזן דעם קוראָרט טעלץ אין בייערן אין משך פון 24 שעה. אין איינעם אַ האָטעל, אין דעם פאַרק־האָטעל, וואו מע האָט זיך ניט געיילט אַרויסצוואַרפן די אידישע געסט, זיינען אויסגעהאַקט געוואָרן די שויבן, און די פאָליציי האָט פאַר־מאַכט דעם האָטעל. דער מאָטיוו פון דער אַקציע איז געווען: יוליוס שטרייכער האָט אינעם קוראָרט טעלץ באַשטעלט אַ צימער, און ער וויל ניט זען קיין אידן.

אין שטאַרנבערג איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קאָנטראָל אין אַלע האָטעלן, צו די אידן, גאָס זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פונעם קוראָרט טעלץ, זיינען ניט אוועק אַהינצו. די געמיינדע־פאַרוואַלטונג האָט פאַר־באָטן אויפצונעמען וועלכע־עס־איז אידישע געסט.

דעם 22־טן סעפּטעמבער האָט די „נייע ציריכער צייטונג" געקאָנט

מעלדן, אַז אינעם גאַנצן בייערישן געביט איז די דייטשישע אידן פאַר־באַטן דער צוטריט אין אַלע בעדער.

אין די אומגעגנטן פון בערלין נעמען די עקסקורסיע־ערטער און די קוראָרטן מער ניט אָן קיין אידן (ריינסווערג, ניי־סטרעליץ, ניי־רופּין, ברעזן). נאָך זיי קומען אַלע ערטער פון דער זאַקסישער שווייץ, קאַלבערג און די איבעריקע בעדער אַפן ברעג פון באַלטישן יאַם און פון צאָפּן־יאַם. ווען מ׳ע דאַרף, אָרגאַניזירט מען דעם „אויפגערעגטן האַמוין״. דאָס אַרויס־טרייבן די אידן פונעם קוראָרט מיסדרוי שילדערט די „גרייפסוואַלדער צייטונג״:

„די אויפגערעגטע פאָלקסמאַסע האָט געטראָגן פאַר זיך טראַנספּאַראַנטן מיט דער אויפשריפט: „אידן, מיר גיבן אייך נאָך 24 שאָ צייט״. באַם געזאַנג פון אַנטיסעמיטישע לידער איז מען נעגאַנגען פון איין האָטעל צום צווייטן, וואו די אידן האָבן געוואוינט אומעטום האָט מען אויסגעהאַנגען שילדן מיט דער אויפשריפט: „דאָ וואוינט אַ פאַרעטער פון אונדזער וועלטאַנשויאונג״. אַ געוויסע צאָל אידן האָט די פּאָליציי געמוזט נעמען אין שוץ־אַרעסט צוליב זייער אייגענער זיכערהייט. די פאָלקסמאַסע איז אויך געקומען צו דער אידישער קינדערהיים, וואו עס האָבן זיך געפונען אומגעפער 90 קינדער און דער באַדינענדיקער פּערסאָנאַל. די פירער פון דער קינ־דערהיים האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן אַפּראַמען דעם לאָקאַל אין מעשעך פון 24 שאָ״.

נאָך די קוראָרטן זיינען געקומען די האָטעלן פון די שטעט. אַ האָ־לענדישער איד שילדערט אונדז, ווי ער איז אָנגעקומען אין איינעם אַן אָוונט קיין ברוינשווייג, וואו ער האָט געדאַרפט צומאָרגנס פירן געשעפט־לעכע אונטערהאַנדלונגען. ער וויל גיין אין אַ האָטעל, געפינט ער אַ שילד: „אידן זיינען דאָ ניט געוואונטשן!״ ער גייט פון האָטעל צו האָ־טעל דורך דער גאַנצער שטאָט: עס איז ניטאָ קיין האָטעל, וואו מ׳ע זאָל ניט מיטיילן די אידן דורך פּלאַקאַטן, אַז זיי זיינען „ניט געוואונטשן״ אָדער אַז זיי ווערן „ניט באַדינט״. ער שלאָפט ווי־עס־איז אינעם וואַרט־זאַל פונעם וואָקזאַל, קעדיי ווי מ׳עגלעך גיכער צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד. כּימעט אין אַלע שטעט פון דייטשלאַנד איז די לאַגע די זעלבע. אויס־

איינס פון די בילדער, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט אינעם „שטירמער"

eine, daß
die Arz-
nz sicher
feststellen,
es Unter-
gemacht
Zeit, als
Vorstands-
shof" fast
nensetzten.
ht auch in
mung des
Reklame-
s nie ein
Klässe und
Haas mit
der Vor-
hofes" zu
t, wie vor
ht streitig
äßt dieser

m Bürger-
terlosigkeit.
alsozialisten
eil" rufen,
eim Juden

fassen,
ieren. —
Gassen
sperr n.
ngelstedt.

**Rassenschande**



Wer das noch fertig bringt ist keine Frau
Denn nur ein Schwein verkehrt mit einer Sau

אונטערגעשריבן: „ווער עס טוט עס, איז ניט קיין פרוי, ווייל בלויז א כאזער
האָט צו טאָן מיט א שוויין!"

נאמען בילדן נאר האנדל־צענטערס, ווי בערלין, און אייניקע ריינישע אינדוסטריעלע שטעט, לייפציק בעיים דעם יארמארק — דא נעמט מען אראפ די אנטיסעמיטישע שילדן צוויי טעג פארן אנהויב פונעם יאר־מארק — און אייניקע וועלט־באוואוסטע קוראָרטן, וואס זיינען אויסגע־רעכנט אף אויסלענדישער קונדשאפט.

אין די ווינציקע האטעלן, וואס נעמען צו אידישע געסט, מוזן זיך די אידן אונטערווארפן באליידיקנדיקע אויסנאם־באשטימונגען. אין דער מיזרעך־פרייסישער הויפטשטאט קעניגסבערג, צום ביישפיל, נעמט אויף אידישע רייזנדע נאר דער האטעל „בערלינער האף", אבער אויך דארט מוזן די אידן עסן און אויפהאלטן זיך אין באזונדערע צימערן.

## „אפגעריייניקט פון אידן"

נאך דער ארויסטרייבונג פון די קוראָרטן און האטעלן קומען ווייטערדיקע שריט. פון אפענהיים אפן ריין טיילט מיט סאף סעפטעמבער דער „מיינצער אנצייגער", אז דער אריינפאר פון אידן איז פארבאטן, די פאליציי האט באקומען א פאראָרדענונג ניט איינצומעלדן קיין אידן. די „פאמערשע צייטונג" טיילט מיט וועגן די זעלבע מאסמיטלען פונעם שטראלזונדער באצירק. מיר גיבן אייניקע „טריאומף־באריכטן" אלס ביי־שפיל:

נ א כ ש ט ע ט (באצירק מאגדעבורג):

דער „מיטל־דויטשע" טיילט מיט, אז דאס ארט גאכשטעט איז געוואָרן אפגעריייניקט פון אידן. נעכטן האט דער לעצטער איד פארלאזט די שטאט. די שטאט־פארוואלטונג וועט זארגן דערפאר, אז דאס ארט זאל אויך אף ווייטער בלייבן ריין פון אידן.

ר י ד ע ר ס ד א ר ף

די גאנצע אידישע באפעלקערונג פון רידערסדארף בא בער־לין איז געצוואונגען געוואָרן צו פארלאזן דאס ארט אין מעשעך פון 2 שא. פאר דעם איז פארגעקומען א באנאכטיקער איבערפאל פון די שטורמאוויקעס אף די הייזער, וואו אידן האבן געוואוינט.

וו י ס ב א ד ע ן

דאָס „נאַסאַוער פאָלקס־בלאַט" טיילט מיט, אז די נײַן אי־דישע פאַמיליעס, וואָס האָבן געוואוינט אין שירשטיין, זיינען באַנאַכט געגומען געוואָרן אין שוץ־אַרעסט.

### אינדערפּאַלץ

די געמיינדע־מאַכט פון בערג־צאַבערן און ברויגיגוויילער האָט פאַרבאָטן די אידן צו באַזעצן זיך אין די גרענעצן פון דער געמיינדע.

### מיינץ

דעם 19־טן סעפּטעמבער האָט די גרויסע האָלענדישע צייטונג „ניעגע, ראָטערדאַמשע קוראַנט" מיטגעטיילט, אז אין אַ טייל גרויסע מאַירעוו־דייטשישע שטעט, צום ביישפּיל אין מיינץ, זענען אויסגעהאַנגען פּלאַקאַטן, וואָס גיבן צו וויסן די אידן, אז זיי מוזן פאַרלאָזן דאָס באַטרעפנדיקע אָרט ביז דעם 1־טן אָקטאָבער. פון דעם 1־טן אָקטאָבער וועט קאָנטראָלירט ווערן, צי די אידן האָבן געפאָלגט די אויפאָדערונג.

„ריין פון אידן" זיינען געוואָרן אַכוץ פראַנקען גרויסע טיילן פון מיזרעך־פּריים. אַ ריי קרייזן פון מעשלענבורג און פּאָמערן, צום ביישפּיל, דער קרייז ניישטעטין, אייניקע קרייזן פון שלעזיע, צום ביישפּיל, דער קרייז שפּאָרטאַו און דער גרעסטער טייל אישואָווים פון ריזנגעבירגע, אַ גרויסער טייל פּאַלץ און העסען, אַ גרעסערע צאָל אישואָווים פון באַדען און אַ גרויסער טייל פון מיטל־דייטשלאַנד.

די פאַרטריבענע האָבן געפּרואווט זיך באַזעצן אין די גרויסע שטעט. שוין אינמיטן יולי האָט די צייטונג „שוואַרצע קאָרפּס", דער אָרגאַן פון די שוצלייט, געשריבן וועגן דעם „מאַרש פון די אידן קיין בערלין". פון 1־טן יאַנואַר ביז דעם 1־טן יולי 1935 זיינען קיין בערלין אָנגעקומען ניט ווייניקער ווי 20 טויזנט אידן פון אַלע ווינקלען פון דער אימפּעריע. דאָס בלאַט פרעגט וועגן די מאָטיוון פון דער „אידישער אינוואַזיע" און קומט צום ריכטיקן אויספיר, אז די דאָזיקע אידן פון די דערפער און פון די קליינע שטעט ווילן זיך אין בערלין „אויסבאַהאַלטן". ווירקלעך, די דאָזיקע 20 טויזנט מאַן זיינען אַנטלאָפענע און געהעצטע. צום שלום פון

דעם ארטיקל ווערט אבער פארלאנגט, אז די שטאט בערלין זאל פאר־שליסן אירע טויערן פאר אידן.

## „פאַרבאָטן"

מיר ציטירן דא א ריי פארבאָטן, וואָס זיינען ארויסגעגעבן געוואָרן אין באזונדערע שטעט, אישואווים און געמיינדעס. דערביי דארף מען נע־מען אין אכט, אז יעדער פון די דאָזיקע צוערשט פאריינצלטע ארויסגע־געבענע פאַרבאָטן ווערט שפעטער פארשפרייט אף גאנץ דייטשלאנד. די טאקטיק פון די נאציאָנאל־סאָציאליסטישע פירער איז אַזא, אז זייערע צענטראלע אָנווייזונגען ווערן אף אזא אויפן „פאָפולאריזירט". אויסער דעם איז דאָס וויכטיק פאר אויסלאנד. אף אזא אויפן וואָרפט זיך דער בארבאריזם פונעם אָרגאניזירטן ארויסטרייבן די אידן וויניקער אין די אויגן.

פארשלאָסן די שפיטאָלן

קימאט אלע שטאָטישע שפיטאָלן אין העסען זיינען געשלאָסן פאר אידן. דער געמיינדע־ראט פון שאטען האָט אָנגענומען א באשלוס, אז קיין איד זאָל ניט אָנגענומען ווערן אין די שטאָטישע שפיטאָלן.

קיין שום לעבנס־מיטלען.

אין דעם אישעוו אוזינגען (העסען) איז ניט נאָר פארבאָטן געוואָרן די „אריער" צו מאכן געשעפטן מיט אידן, זיי טאָרן זיי אויך ניט פאר־קויפן וועלכע־עס־איז לעבנסמיטלען. קעדיי צו דערנערן זיך, זיינען די אידן געצוואונגען צו פרואוון איינשאפן זיך דערנערונגס־מיטלען אין די ארומיקע דערפער.

קיין ברויט.

די שטאָט־פארוואלטונג פון מילזיט האָט פארפליכטעט די בעקער ניט צו פארקויפן מער אידן קיין ברויט.

אין האלע אן דער זאאל מעגן אידן קויפן ברויט נאָר פון צוועלף ביז האלב איינס באטאָג.

פארבאָט פון איינקויף.

אין גרויסע טיילן פון דער אימפעריע, אין מיזורעך־פרייסן, אין הע־

סען און אין אַנדערע געביטן איז די אידן פאַרבאָטן אַריינצוגיין אין געשעפטן, מע טאָר זיי ניט פאַרקויפן קיין שום לעבנסמיטלען. איבער די טירן פון די געשעפטן שטייט געשריבן: „אידן ווערן ניט באַדינט". די אידישע געמיינדעס אין די גרויסע שטעט שיקן מיט פראַכט־אויטאָמאָבילן לעבנסמיטלען, קעדיי צו ראַטעווען זייערע מיטגלידער פון הונגער־טויט.

וואוינונג־פאַרבאָט.

די אידן טאָר מען ניט פאַרדינגען קיין וואוינונגען (אַ מיטיילונג מיט דעם זעלבן טעקסט פון שלעזיע, מיזרעך־פּרייסן, פּאָמערן, העסען, באַדען, מיטל־דייטשלאַנד).

*

אייניקע בערלינער ראַטשע־געזעלשאַפטן און וואוינונג־געזעלשאַפטן האָבן געקינדיקט די אידישע איינוואוינער די וואוינונגען.

די טילזיטער הויזבאַזיצער האָבן זיך געמוזט פאַרפליכטן ניט צו פאַרדינגען מער אידן קיין וואוינונגען. אַלע הויזבאַזיצער פון דער שטאָט האָבן געקינדיקט די אידן די וואוינונגען.

ליקווידירט אַ אידישע קאָלאָניע

„לעבן קאָטבוס איז לויט אַ באַשלוס פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אָרגאַנען פאַנאַנדערגעלאָזן געוואָרן אַ אידישע קאָלאָניע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון אַ אידישער וואוילטעטיקער אָרגאַניזאַציע צו באַקעמפן די וואוינונגס־נויט. פון איצט אָן וועלן אין די געביידעס וואוינען אַריער".

(„באַזעלער נאַציאָנאַל-צייטונג")

קיין גאַז, קיין פייער

די גאַז־און עלעקטרע־געזעלשאַפטן פון מיינץ האָט באַשלאָסן „אין איינקלאַנג מיט דעם גייסט פון די נירנבערגער געזעצן" אויפהערן צוצושטעלן אידישע געשעפטן און וואוינונגען עלעקטרישע ענערגיע און גאַז.

*

די עלעקטרע־און גאַז־געזעלשאַפטן פון וויסבאַדען האָט אויסגעשלאָסן די אידישע פירמעס, דערביי האָט זי איינשטימיק אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז „נאָר אַריער" און געשעפטן, וואָס געפינען זיך אין באַזיץ

פון אריער, קאָנען זיין מיטגלידער לויטן זין פונעם געזעץ וועגן רייכס־בירגער".

פ אַ ר ב אָ ט צ ו פ אָ ר ן מ י ט ן ד אַ מ פ ע ר

די געמיינדע עסטריך (ריין־געביט) האָט באַשלאָסן, ווי עס טיילט מיט דער „ריינגאַוער בירגער־פריינט", מער ניט פאַרקויפן אידן קיין בי־לעטן אַפן דאַמפער.

ק ו ל ט ו ר ־ פ אַ ר ב אָ ט

דעם אידישן קולטור־בונד אין בערלין איז פאַרבאָטן געוואָרן אויפ־צופירן אַף זיינע אָוונטן ווערק פון מאָצאַרט און שילער, ווייל „די טע־מעס פון די דאָזיקע ווערק זיינען לויט זייער אינהאַלט ניט קיין אידישע".

ט ע אַ ט ע ר ־ פ אַ ר ב אָ ט.

די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין האַמבורג האָט גע־שלאָסן אַן אָפמאַך מיט די פאַרוואַלטונגען פון לעמבורגער טעאַטערס און קאָנצערט־זאַלן, אַז אַף ווייטער זאָל אידן פאַרבאָטן ווערן דער באַזוך פון אַלע פאַרוויילונגען אין די דאָזיקע זאַלן (אַזאַ מיטיילונג איז אויך פאַראַן פון סאַארבריקען).

פ אַ ר ב אָ ט צ ו ב אַ ז ו כ ן ק י נ אָ.

די פאַרוואַלטערס פון די קינאָ־טעאַטערס אין אַפאָלדאַ, בערקאַ און בלאַנקענהיים (טירינגען) האָבן, לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיטן „דייטשישן אַרבעט־פראָנט", פאַרבאָטן אידן דעם צוטריט אין זייערע קינאָ־טעאַטערס.

אין קיל איז אידן פאַרבאָטן געוואָרן דער באַזוך פון קינאָ און שטאָ־טישן טעאַטער. אין גאָזלאַר איז אידן פאַרבאָטן געוואָרן יעדער באַזוך פון קינאָ.

פ אַ ר ב אָ ט ן ב אַ ז ו כ ן ב י ב ל י אָ ט ע ק ן א ו ן מ ו ז י י ע ן.

די שטאָט־פאַרוואַלטונג פון ראָטעמאַן האָט געגעבן צו וויסן, אַז אידן טאָרן מער ניט אַריינקומען אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק און אין שטאָטישן אַרכיוו, קעדיי „עס זאָל ניט קומען צו קיין באַרירונג צווי־שן זיי און דייטשישע בירגער".

דער אַריינגאַנג אין די ביבליאָטעקן און מוזייען פון מאַגדעבורג איז די אידן פאַרבאָטן.

פאַרבאָטן צו שמאַדן.

דער עוואַנגעלישער לאַנד־בּיסקופּ פון זאַקסן, גאָך, איז סאָף אָקטאָ־בער געצוואונגען געוואָרן צו שליסן דעם עוואַנגעליש־ליוטעראַנישן מי־סיאָנערן־פאַריין „אונטער איזראעל”, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו פאַרשפּרייטן דעם עוואַנגעלישן גלויבן צווישן אידן.

פאַרבאָטן צו פאַרזעצן.

דער דאָרטמונדער אויבער־בירגערמייסטער האָט פאַראָרדנט, אַז די אידן זאָלן אין שטאָטישן לאָמבאַרד מער גאָרנישט ניט קאָנען פאַרזעצן און זאָלן ניט צוגעלאָזט ווערן צו באַטייליקן זיך אין די אַאוקציאָנען. מאַשקן־שיינען, אויסגעקויפטע פון אידן, ווערן ניט אָנגענומען און ווערן ניט באַנייט. אידישע מעקלערס ווערן אויך אויסגעשלאָסן פון די אַאוק־ציאָנען.

פאַרבאָט זיך אָפּצושטעלן

די שטאָט־פאַרוואַלטונג פון דאָמערסהיים (העסען) פאַרבאָט אידישע אויטאָמאָביל־אייגנטימער אָפּצושטעלן זייערע מאַשינעס אויף די גאַסן אָדער פּלעצער.

שטולן נאָר פאַר „אַריער”.

„וועגן דער פאַראָרדענונג פונעם מעלוכע־קאָמיסאַר פון בערלין, דאָקטער ליפּערט, צו פאַרדינגען שטולן אין די שטאָטישע פּלעצער, פאַר־קן א.א.וו. נאָר די, וואָס דערווייזן זייער אַרישע אָפּשטאַמונג, טאָר מען דערווייל גאָרנישט ניט מיטיילן”.

(פון די געהיימע אינסטרוקציעס פונעם אימפּעריישן פּראָפּאַגאַנדע-מיניסטע-ריום צו דער דייטשישער פּרעסע).

פאַרבאָט צו כאַפּן פיש.

כאַפּן פיש אויף די ברעגן פון די אָזערעס אין דער אומגעבונג פון בערלין איז אידן פאַרבאָטן: די דערלויבענישן, וואָס האָבן זיך ביז איצט געפונען בא אידן, זיינען אַנולירט געוואָרן.

אידישע הינט

דער פראַנקישער הונט־ספּאָרט־קלוב האָט באַשלאָסן ניט צוצולאָזן מער אויף אויסשטעלונגען הינט, וואָס געהערן צו אידן.

פאַרבאָט צו ראַזירן זיך.

דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַן פון די נאַצי־פריזירער שרייבט: „אַ דייטשישער פריזירער, וועמען עס שאַפט אַ פאַרגעניגן אָראָפּצונעמען אַ אידן די כאַזערהאָר־באָרד, איז אַ פאַרברעכער בענעגייע דער פאָלקס־געמיינשאַפט".

די שטאַרגאַרדער פריזירער העגגען אויף שילדן מיט דער אויפשריפט: „אידן ווערן ניט באַדינט".

אַלע פריזירער אין טילזיט האָבן זיך פאַרפליכטעט אַף ווייטער מער ניט ראַזירן קיין אידן.

די פריזירער פון אַלזיי גיבן צו וויסן, אַז זיי באַדינען מער ניט קיין אידן און אַז אידן וועלן מער ניט געדולדעט ווערן אין זייערע געשעפטן.

## וואָס די געמיינדעס פאַרבאָטן

אידן טאָרן ניט דערווערבן קיין ערד־אייגנטום; שטאָטישע ערד־פּלעצער ווערן מער ניט פאַרדונגען אידן, אַלטע אָפּמאַכן ווערן אַנולירט. סאָחרים וואָס פירן מיט אידן געשעפטן אָדער פאַרקערן מיט זיי, באַקומען ניט קיין שטאָטישע ליפערונגען. פענסיאָנערן אָדער שטיצע־באַקומער, וואָס האָבן מיט אידן געשעפטן אָדער פאַרקערן מיט זיי, הערן אויף צו באַקומען אונטערשטיצונג. בירגער, וואָס האָבן מיט אידן געשעפטן אָדער אַ פערזענלעכן פאַרקער, ווערט ניט געגעבן קיין פּראָלאָנגירונג באַם צאָלן שטייערן און קיין שום אַנדער באַקאָשע זייערע ווערט ניט גענומען אין אכט.

(באַשלוס פונעם שטאָטראַט פון אָפענהיים-אַם-ריין, סעפּטעמבער 1935)-

*

1. דאָס אָנקומען פון אידן איז פאַרבאָטן. 2. יעדער פאַרקויף פון ערד און פון הייזער אידן איז פאַרבאָטן. 3. אַלע עפנטלעכע שטאָטישע אַנשטאַלטן, שפּיטאָלן א. א. וו. זיינען פאַר אידן געשלאָסן. 4. פון אַלע שטאָטישע אַאוקציאָנען דאַרף מען אידן אויסשליסן. 5. אַלע פאָלקס־באַוויירים, וואָס געפינען זיך מיט אידן אין אַ געשעפטלעכן פאַרקער אָדער

אין פּריוואַטשאַפטלעכע באַציאונגען, דאַרף מען אויסשליסן פון שטאַטישע ליפערונגען און אונטערשטיצונגען.
(באַשלוס פונעם געמיינדע־ראַט פון דער שטאָט שאָטען סעפּטעמבער 1935).

*

אין גלאַדבעק, אַ שטאָט פון איבער 60 טויזנט איינוואוינער אין רור־געביט (לויט „פראַנקפורטער צייטונג" פון 5־טן אויגוסט 1935), האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג פאַרבאָטן די אידן צו באַנוצן זיך מיט בעדער, ספּאָרט־און טענים־פּלעצער, צו דערווערבן הייזער און ערד, צו באַטייליקן זיך אַלס הענדלער אויף די וועכנטלעכע מערק. אידישע קינדער טאָרן ניט באַזוכן די שול צוזאַמען מיט ניט־אידישע קינדער.

*

**אַ אידישע קו טאָר ניט צוגעלאָזן ווערן צו אַן אַרישן בוהיי.**

דאָס „וואָלפראַטס הויזער טאַגעבלאַט", אָרגאַן פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פאַרעפנטלעכט די פאָלגנדיקע אָפיציעלע באַקאַנטמאַכונג פון דער געמיינדע קעניגסדאָרף:

„1. קי און רינדער, וואָס אידן האָבן געקויפט דירעקט אָדער אומ־דירעקט, ווערן ניט צוגעלאָזן צו דער באַדעקונג פון דעם ראַסאָוון בוהיי פון דער געמיינדע.

2. קי און רינדער פון שטאַלן, וואו עס שטייען קי, געקויפטע בא אידן, דאַרפן זיך געפינען אונטער אַן אויפזיכט אין מעשעך פון אַ יאָר צייט. אין מעשעך פון דער דאָזיקער צייט טאָרן זיי ניט צוגעלאָזן ווערן באַדעקט צו ווערן פונעם ראַסאָוון בוהיי פון דער געמיינדע...

דער בירגערמייסטער פון דער געמיינדע קעניגסדאָרף, אונטערגעשריבן ערנסט שרייער, געהילפס־בירגערמייסטער.

צו דער דאָזיקער אָפיציעלער באַקאַנטמאַכונג איז פאַראַן אַ דערגאַנ־צונג:

„די פאַרוואַלטונג פון די דריי געזעלשאַפטן פאַר ראַסעווער ביצוכט האָט אַרויסגעגעבן די זעלביקע פאַראָרדענונג".

# ראַסנשאַנדע

## די צוגרייטונג צו די נייע בירגער-געזעצן

די באַשטימונג פון די נירנבערגער געזעצן וועגן הייראַטן זיינען די שענדלעכסטע דיפּלאָמאַציע, וואָס אַ געזעץ־בוך פון אַ קולטור־פֿאָלק האָט ווען עס איז אַנטהאַלטן אין זיך. אין דעם טעקסט פונעם געזעץ, וואָס דער רייכסטאַג אין נירנבערג האָט אָנגענומען, איז אַפילו ניט אָנגעוויזן גע־וואָרן קיין באַשטימטע שטראָפן פאַרן ברעכן דעם דאָזיקן געזעץ. דעם ריכטערס ווילקיר איז געגעבן געוואָרן די פולע פרייהייט, דערביי איז פעסטגעשטעלט, אַז דער פאַרעפנטלעכטער טעקסט פונעם געזעץ איז אַ קאָמפּראָמיס, אַז לעכאַטכילע האָט מען גאָר געוואָלט באַשטימען טויט־שטראָף פאַר אַלץ, וואָס ווערט אָנגערופן „ראַסן־שאַנדע" (לויטן פאָר־שלאַג פון שטרייכערס גרופּע). אין לעצטן מאָמענט האָט מען זיך אָפּ־געזאָגט פון טויט־שטראָף, ווייל מע האָט מורא געהאַט פאַר אויסלאַנד. מע האָט אָנגעזאַמלט געגנוג דערפאַרונג אין אַנווענדן שטילע, ניט אויי־פאַלנדיקע מיטלען, וואָס ווירקן ניט ערגער, ווי דעם הענקערס האַק.

## מע קלערט אויף דעם פאָלק וועגן „ראַסן-שאַנדע"

אין גאַנץ דייטשלאַנד ווערט געפירט אַ ריזיקע קאַמפּאַניע אויפצו־קלערן דעם פאָלק וועגן דעם, וואָס עס איז אַזוינס „ראַסן־שאַנדע". אין

1935 איז קוים דערשינען וועלכע־עס־איז נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע ציי־טונג, וואָס זאָל ניט האָבן פאַרעפנטלעכט אָן אַ שיר גראָבע מעסירעס, קעדיי צו שאַפן די אַנטשפּרעכנדיקע שטימונג פאַר די געזעצן, וועלכע מע האָט געוואָלט פּראָקלאַמירן אויפן נירנבערגער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. שטרייכער האָט אונטערגענומען אַ פּראָפּאַגאַנדע־רייזע איבער גאַנץ דייטשלאַנד. דערביי האָט ער פאַרשפּרייט וועגן דער אידישער באַפעל־קערונג די סאַמע אומגעהייערע באַבעמאַיסעס. אַ האַמבורגער איינוואוי־נער, וואָס האָט געהערט שטרייכערן סאָף אויגוסט 1935 אויף אַ קאָלאָ־סאַלער פאַרזאַמלונג אין האַמבורג, טיילט מיט, אַז שטרייכער האָט דער־ציילט אָט וואָס:

„אין איינער אַ שטאָט אין וועסטפאַלן האָט געלעבט אַ פּראָ־פעסאָר אַ טאָכטער. אַ געבילדעטע, אָנשטענדיק דייטשיש מיידל. זי האָט געוואָלט דורכוים כאַסענע האָבן מיט אַ אידישן כאַזער. קיין שום אָפּריידן האָט ניט געהאָלפן. דער גאַלעך האָט געגעבן זיין בראָכע דער דאָזיקער כאַסענע נאָכדעם, ווי דער איד האָט זיך געלאָזט שמאַדן. אין דער זעלבער צייט אָבער האָט דער גאַלעך זיך אָפּגעזאָגט איבער עפּעס אַ מאָטיוו צו געבן די קירכלעכע בראָ־כע איינעם אַ שטורמאָוויק און זיין בלאָנדער קאַלע. זיי האָבן גע־הייראַט אָן דער קירכלעכער בראָכע, ווייל ווען דייטשיש בלוט שטרעבט צו דייטשיש בלוט, קאָן קיין זאַך ניט אָפּהאַלטן די דאָ־זיקע שטרעבונג.

ווען עס זיינען אַריבער ניין כאַדאָשים, זיינען ביידע פרויען געקומען אין קליניק. ווען דעם פּראָפעסאָרס טאָכטער האָט גע־וואָלט זען איר קינד — וואָס איז דאָרטן געלעגן אין דער וויג. פאָלקס־באַוויירים?! אַ קליינע מאַלפּע". (אין זאָל איז אַן אייז־קאַלטע שטילקייט, עס זעט אויס, ווי דער גרעסטער טייל פון דער פאַרזאַמלונג וואָלט זיך געשעמט. פיל הויבן אָן אוועקצוגיין). פּלוצ־לונג פרעגט שטרייכער: „ווילט איר, איך זאָל ווייטערריידן? ווער עס איז דערפאַר, בעט איך אויפהויבן די האַנט!" קיינער האָט ניט געהאַט דעם מוט ניט אויפצוהויבן די האַנט. אינמיטן זאָל און אין די דורכגענג האָט מען אַפּלאָדירט. דאַן רעדט שטרייכער ווייטער:

„אַ קליינע מאַלפּע איז געלעגן אין וויג, ריכטיקער, אַן עמעסער קליינער אידן־בענקאַרט. אַלע סימאָנים פון דער דאָזיקער דעגענע־רירטער ראַסע זיינען בײַ אים געווען: די נאָז, די אויערן, די פּיס באַדעקט מיט האָר. אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג האָט די טאָכ־טער פונעם פּראָפעסאָר אָנגעהויבן וויינען.

אין צווייטן צימער איז געלעגן שמייכלענדיק די דייטשישע מוטער. פריידיק און געזונט איז געלעגן דאָס קינד אין דער וויג אַן דער קירכלעכער בראָכע. איצט וויל איך אייך ווייטער דער־ציילן. די דייטשישע פּאָר לעבט ווייטער גליקלעך, און גאָט זאָל געבן, אַז זי זאָל האָבן יעדעס יאָר אַ קינד.

די מוטער פונעם קליינעם אידישן בענקאַרט האָט זיך גע־שיידט מיטן אידן, זי האָט עס ווייטער ניט געקאָנט אַריבערטראָגן. דעם קליינעם מאַמזער האָט דער פאָטער מיטגענומען. די פרוי איז אַף אַ געוויסער צייט אַוועקגעפאָרן. ווען זי איז געקומען צוריק, האָט זי געטראָפן אַ יונגט־פריינט, וואָס איז היינט אַ שטורמאָוויק. אינגיכן האָבן זיי ביידע כאַסענע געהאַט. פאַרדאַרבן פון דעם צו־זאַמענלעבן מיטן אידן, האָט זי גאָרנישט ניט דערציילט וועגן איר פריערדיקער כאַסענע מיטן אידישן כאַזער. ווען עס זיינען אַוועק ניין כאַדאָשים און דער שטורמאָוויק האָט דערזען זיין קינד ליגן אין וויג, איז ער געוואָרן אויסער זיך. ווייל וואָס איז דאָרטן געלעגן? ווידער אַ קליינע מאַלפּע, אַ אידישן אינגל. פאַרצווייפלט האָט זיך דאָס געבילדעטע מיידל מודע געווען, וואָס מיט איר איז געשען. אַלס אָנשטענדיקער דייטש און נאַציאָנאַל־סאָציאַליסט, האָט דער שטורמאָוויק ווייטער ניט געקאָנט לעבן מיט דער פרוי. איצט וויל איך אייך דערקלערן, ווי אַזוי דאָס קומט, אַז בײַם צווייטן מאָל, כאָטש דער פאָטער איז אַן אַריער, איז אין דער וויג ווידער גע־לעגן אַ איד".

איצט קומט אַ שילדערונג אין אַזאַ גראָבן טאָן, פול ניוול־פּע, אַזוי לאַנגזאַם און ברייט דערציילט, ווי שטרייכער וואָלט אַליין אָנגעקוואָלן פון יעדן וואָרט. שריפטלעך קאָן מען אַזוינס ביכלאַל ניט איבערגעבן, מע מוז עס אַליין הערן און זען, ווי ער האָט גע־

האַלטן עטוואָס אַרויסגערוקט די קני, באַוועגנדיק זיך לייכט אַהין און אַהער, מאַכנדיק מיט די הענט, אויסמאָלנדיק, ווי דאָס אידישע בלוט רינט אַריין דורך דעם מוטער־לויב אינעם קערפּער פון דער פרוי.

ווידער אומקערנדיק זיך צו דער מאַיסע מיטן פּראָפעסאָרס טאָכטער, זאָגט ער: „דורך דעם געשלעכטס־פאַרקער פונעם דאָזיקן מיידל מיטן אידישן כאַזער אין אַריינגעדרונגען צוזאַמען מיט דעם זוימען אויך דאָס אידישע בלוט אין דעם קערפּער פון דער פרוי. אין מעשעך פון דער צייט, וואָס דער זוימען דאַרף האָבן פאַר זיין אַנטוויקלונג, פּולסירט דאָס בלוט פונעם קינד צוזאַמען מיט דער מוטערס בלוט. ניין כאַראָשים צייט צירקולירט דאָס אידישע בלוט פון דעם קינד דורכן קערפּער פון דער מוטער און פאַרשמוצט דערביי אינגאַנצן איר בלוט מיטן אידישן בלוט. און דאָס דאָזיקע בלוט דאָמינירט אין דער מוטערס קערפּער אויך דערנאָך, ווען עס ווערט געבוירן אַן אַנדער קינד מיט אַן אַרישן פאָטער. שטענדיק ווידער אַנטוויקלען זיך די דאָזיקע אידישע כאַזיירים, אָנשטעקנדיק מיט די אידישער פּעסט ווייניקסטנס צען דורעס קינדער און קינדס־קינדער. איך וואָרן אייך, דייטשישע פרויען!".

## קאַטאָרגע, טורמע, קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר „ראַסן־שאַנדע"

זיינט אָנהויב 1935 פאַרורטיילן די געריכטן אַף קאַטאָרגע און טורמע פאַר „ראַסן־שאַנדע".

אָבער די געריכטן האָבן נאָך געאַרבעט צו לאַנגזאַם. איבעראַל האָבן דאָ געלעבט אידן און ניט־אידן צוזאַמען. איבעראַל איז פאַראַן „ראַסן־שאַנדע". מע האָט אויפגעהערט מאַכן אַ לאַנגע פּראָצעדור, מע האָט אָנגעהויבן אַרעסטירן און זעצן אין טורמע אָן אויספאָרשונג און אָן אורטייל. די ערשטע אַרעסטן זיינען פאָרגעקומען דעם 16־טן יולי, אין אַ טאָג אַרום נאָכן בערלינער פּאָגראָם. דער איבערפאַל אַפן קורפירסטנ־דאַם איז געווען דער סיגנאַל, דער אָנהויב־צייכן פאַר דער קאָנצענטרי־



גאסן־סצענע אין האמבורג

מיט א טומל האָט מען געטריבן די דאָזיקע יונגע פּאָר דורך די גאסן. אויף די אויפגעהאנגענע פלאקאטן איז אָנגעשריבן: „איך בין דער גרעסטער כאזער און האָב צו טאָן נאָר מיט איחן" און „אלס אידישער יונג נעם איך שטענדיק מיט צו זיך אין צימער ארישע מיידלעך".

טער אקציע אויף אלע פראָנטן. דעם 16־טן יולי האָט די מעלוכע־פּאָליציי פון ברעסלוי מיטגעטיילט:

„די געהיימע מעלוכע־פּאָליציי פון ברעסלוי האָט שאַבעס אינדערפרי גענומען אין שוץ־אַרעסט איבער ראַסן־שאַנדע, אין צו־זאַמענהאַנג מיטן אומיטלבארן שטערן דער עפנטלעכער זיכערקייט און אָרדענונג, זעקס אידן און זעקס אַזויגערופענע דייטשישע פרוי־ען. זיי וועלן אַריבערגעפירט ווערן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער".

„דערמיט איז די מעלוכע אַרויסגעטראָטן קעגן דער שענדלעכער אויפירונג פון דעגענערירטע פרויען און פון זייערע אידן", דערקלערט די שלעזישע „טאַגעסצייטונג", און זאָגט אָן: „עס איז זעלבסטפאַרשטענד־לעך, אַז דאָס זיינען ניט די איינציקע פּאָרן, וואָס וועלן אַריבערגעפירט ווערן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער"...

## מאַסן־אַרעסטן

אין די דאָזיקע וואָכן זיינען פאָרגעקומען אַרעסטן נאָך אַרעסטן: אין מיזרעך, אין מאַירעוו, אין צאָפן און דאָרעם, איבעראַל האָט מען פרויען און מיידלעך געשלעפּט אין די טורמעס און אין די קאָנצענטראַציע־לאַ־גערן. נאָר בערלין האָט מען נאָך געשוינט. מע האָט נאָך ניט געוואוסט, ווי צו פאַרטיידיקן דעם דאָזיקן באַרבאַריזם פאַר די אויסלענדישע באַ־זוכער און קאָרעספּאָנדענטן. אָבער אינגיכן האָט זיך געפונען אַ מיטל. דעם 26־טן יולי האָבן די פאַרקויפער פונעם „אַנגריף" און פונעם „פעל־קישן בעאָבאַכטער" אויסגעשטעלט פאָטאָגראַפיעס, וואָס ווייזן אַ האַמ־בורגער גאַסן־סצענע: שטורמאַוויקעס מיט פּלאַקאַטן אויפן רוקן פירן דורך די גאַסן אַ בלאָנד מיידל מיט אַ אידן. די אויפשריפטן זאָגן: „איך בין פון געבורט דער גרעסטער כאַזער און גיב זיך אָפּ נאָר מיט אידן" און „אַלס אַ איד פיר איך שטענדיק אַרישע מיידלעך אין מיין צימער". מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך די כוואַליע דערקייקלט קיין בערלין. דער ערשטער אַרעסט איז פאָרגעקומען אינעם שטאָט־טייל פרידענאַו. דעם 31־טן יולי טיילט מיט דער „אַנגריף" מיט טריאומף:

„דער צאָרן פון די איינוואוינער פונעם הויז נומער 13 אויף

פעלער־שראַסע אין פרידענאו האָט געצוואונגען די פּאָליציי פונעם רעוויר 177 צו נעמען א אידן א ראַסן־שענדער, אורבאך, אין שוץ־אַרעסט. ער האָט געוואוינט מיט א דייטשיש מיידל פון שיינבורג אין זיין וואוינונג. זינט אַנדערהאַלבן יאָר האָבן די איינוואוינער פון די דערבייאיקע הייזער געמוזט צוזען די שענדלעכע אויפירונג פון דעם אידן אורבאך, ביז וואנען די אויפגעבראַכטקייט האָט איצט אַנגענומען אַזוינע פאָרמען, אַז די פּאָליציי, קעדיי ניט צו דער־לאָזן קיין עפנטלעכע אומרוען, האָט געמוזט אָפפירן די אומציכטי־קע פּאָר".

דעם 6־טן אויגוסט טיילט מען שוין מיט קורץ, אַז „24 מאַן זיינען אַרעסטירט געוואָרן פאַר „ראַסן־שאַנדע" און זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, דערונטער 12 אידן און 12 אַריערנס". די נעמען און אויספירלעכע אומשטאַנדן ווערן ניט אַנגעגעבן. עס איז געוואָרן א טאָג־טעגלעכער פאַל.

קיין איד קאָן ניט וואַגן באַווייזן זיך מיט א ניט־אידישער פרוי. קיין באַזוך, קיין צוזאַמענקונפט איז ניט מעגלעך. עס איז געעפנט גע־וואָרן דער וועג פאַר אַלערליי שאַנטאַזש און מעסירעס. מע ווערט באַ־שטראָפט אפילע פאַר אַזעלכע „ראַסן־שענדונגען", וואָס זיינען גאָר ניט פאָרגעקומען. א שטייגער, דער פערד־הענדלער ווערטהיימער פון אָפּענ־בורג ווערט אַרעסטירט, ווייל ער האָט קלוימערשט „א יונג מיידל... גע־וואָלט שענדן", נאָר „דאָס דערשיינען פון א דריטן מענטשן האָט אים אָפּגעהאַלטן פון זיין פאַרלאַנג".

עס קומען פאָר שוידערלעכע באַשולדיקונגען. א שטייגער, די פּאָ־ליציי אין קרייצבורג, אין אויבערשלעזיע האָט אַרעסטירט א 78־יאָריקן אידן און ניט ווייניקער, ווי 5 מיידלעך, מיט וועלכע ער זאָל קלוימערשט האָבן געהאַט באַציאונגען. די מינכענער פּאָליציי טיילט מיט וועגן צאָל־רייכע אַרעסטן פון מיידלעך און אידן, וואָס איינער פון זיי איז געשטאַ־נען אין באַציאונגען מיט 150 „אַרישע" מיידלעך, „ניט רעכענענדיק איינ־יקע אידישקעס". די וועלט האָט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן פון דער היסטאָרישער זייט די יעדיעס פון דייטשלאַנד וועגן „ראַסן־שאַנדע". אָבער דעם 30־טן יולי ווערט מיטגעטיילט פון בראַונשווייג, אַז איינער

אין גייסט פון שטרייכערן און פונעם „פירער"




א גאסן־סצענע אין ברעמען

איבער די האמבורגער גאסן. אַף דער פּויק טראָגט ער א פּלאַקאַט, אַף וועלכן
א אידישער באָכער, וואָס זיין קאַלע איז א דויטשיש מיידל, ווערט געשלעפּט
ער שטייט אָנגעשריבן: „איך האָב געשענדעט א דויטשיש מיידל".

פון די אַרעסטירטע איז אין טורמע באַגאַנגען „זעלבסטמאָרד", דעם 6־טן אויגוסט טיילט מיט דער „פעלקישער בעאָבאַכטער", אַז דער פּי־הענד־לער טרענקעל, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן „פאַר ראַסן־שאַנדע", האָט זיך אין מינכען־גלאַדבאַך אַרויסגעוואָרפן פון דריטן שטאָק פון טורמע, און דעם 11־טן סעפּטעמבער טיילט מיט די געהיימע מעלוכע־פּאָליציי פון קאַרלסרוע, אַז דער פערד־הענדלער ווייל פון ראַנדעג, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן פאַר „ראַסן־שענדערישער אויפירונג", איז „באַם פּרוואוון אַנטלויפן" געטראָפן געוואָרן פון צוויי קוילן. „נאָך זיין געזונט ווערן וועט ער אַריבערגעפירט ווערן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער", — טיילט מיט די פּאָליציי.

מיר ציטירן איניקע מיטיילונגען פון דער ערשטער העלפט סעפּ־טעמבער 1935, וואָס זייער טרוקענע שפּראַך גיט פונדעסטוועגן די מעג־לעכקייט פאַרצושטעלן זיך, וועלכע מענטשלעכע טראַגעדיעס זי פאַר־באָרגט:

„ווי די געהיימע מעלוכע־פּאָליציי אין קאַרלסרוע טיילט מיט, איז דאָרט דער פאַרהייראַטער אידישער פּראָקוראָר דאָקטער אַל־פרעד קאַן גענומען געוואָרן אין שוץ־אַרעסט. מע וואַרפט אים פאָר, אַז ער האָט זיין קאָנטאָר־צימער אויסגענוצט פאַר ראַסן־שענדערי־שע מאַיסים".

*

„אַזוי ווי דעם אידישן בעקער לעאָפּאָלד ריינאַך אין זינס־היים האָט מען ניט געקאָנט כאַפּן באַ „ראַסן־שענדונג", איז ער אָנגעקלאָגט געוואָרן פאַר „פּרוואוון שענדן" און איז אָפּגעפירט גע־וואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער".

*

„דער אידישער קאַצעוו און פערד־הענדלער בערנאַרד קילס־היימער אין פּפאָרצהיים איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין קאָנצענ־טראַציע־לאַגער אין קיסלאַו פאַר „ראַסן־שענדערישע מאַיסים".

*

„אין פּפאָרצהיים איז דער אידישער האַנדלס־אָנגעשטעלטער אַלפרעד שוואַרץ אַרעסטירט געוואָרן פון דער געהיימער מעלוכע־

פּאָליציי פאַר ראַסן־שענדערישע מאַיסים". דער אַרעסטירטער, בא 20 יאָר אַלט, האָט אונטערגעהאַלטן יאָרן־לאַנג „ראַסן־שענדערישע באַציאונגען" מיט אַן אַריש מיידל אין קאַרלסרוע".

קיין סטאַטיסטיק דערציילט ניט, וויפל מענער און פרויען ווערן אַוועקגעריסן מיט געוואַלט איינער פון צווייטן און ווערן אַוועקגעפירט אין טורמע און אין דעם פייניקונגס־געגעם פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן איבער זייער ליבע. מיר האָבן צונויפגעזאַמלט די פאַלן, וואָס זיינען מיטגעטיילט געוואָרן אין דער אויסלענדישער פרעסע, אין די צייטונגען פון בערלין און פראַנקפורט. אין דער קורצער צייט פון העלפט יולי ביז העלפט סעפּטעמבער האָט די דאָזיקע זאַמלונג באַטראָפן 293 קאָרבאָנעס. דאָס איז אָבער ניט מער, ווי גאָר אַ קנאַפּער ברוכטייל פון די פאַקטישע צאָלן. אַ סאַך מער פאַלן ווערן מיטגעטיילט נאָר אין די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּראָווינץ־בלעטלעך, וואָס קומען קיינמאָל ניט אָן קיין אויסלאַנד, און נאָך אַ גרעסערע צאָל איז קיינמאָל ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

וואָס פאַר אַ ברוטאַלקייט די קורצע, מערסטנטייל אינהאַלט־אָרעמע מיטיילונגען אַנטבלויזן, קאָן מען זען פון איניקע פאַלן, וועגן וועלכע עס ווערט דערציילט אין פאַרשיידענע דייטשישע צייטונגען פון אויגוסט סעפּטעמבער 1935:

„דער איד אַרטור דרייפוס, יעס־שטראַסע 15, איז אָפּגעפירט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דאַכאַו. דרייפוס האָט באַזעסנע געהאַט מיט אַ קריסטלעך מיידל, כאָטש די ציוויל־מאַכט האָט דאָס אים פאַרבאָטן, דאָס מיידל האָט פון אים אַ קינד, און ער זאָרגט פאַרן קינד".

*

„מיט איניקע כאַדאָשים צוריק האָט מען אָפּגעזאָגט צו געבן אַ דערלויבעניש אַף כאַסענע האָבן אַ אידן אַן מעלוכישער צוגעהעריקייט און אַן „אַריש" מיידל. זיי האָבן דאָך געלעבט צוזאַמען אין דער וואוינונג פון איר מוטער און איצט זיינען זיי באַשטראָפט געוואָרן מיט אַ וואָך אַרעסט פאַר „אומגעזעצלעך צוזאַמענלעבן".

די מוטער וועט געשטעלט ווערן פאַרן געריכט פאַר זנות־פעק־לעריי".

*

„באַקאַנטמאַכונג:

דערמיט שייד איך זיך פון פריילין עלזע מאַלוועןץ. ווייל, כאָטש פריילין מאַלוועןץ קען מיינע אָנשויאונגען, האָט זי געקויפט איר אויסשטייער בא אַ אידן. נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלץ. כאָטש איך האָב איר פאַרבאָטן, האָט זי געגעבן אונדזער הייראַט־מעלדונג צוויי־שן אידישע מעלדונגען און האָט מיר דערמיט געשאַפן אַ שלעכטן נאָמען. דאָס צווינגט מיך אָפּצולאָזן דעם שידעך, ווייל איך גלויב ניט, אַז איך וועל זיין גליקלעך מיט אַ פרוי, וואָס קויפט בא אַ אידן און לאָזט אירע מעלדונגען דערשיינען צווישן אידישע".

קעלן, 11־טן אויגוסט 1935. אָטאָ פינגלער".

(אַן אַנאָנס אין דעם „וועסט דייטשישן בעאָבאַכטער")

*

„לויט אַ מיטיילונג פון די עלטערן איז אַרעסטירט געוואָרן אַן „אַריש" מיידל פון פראַנקפורט־אַם־מאַין און איז געבראַכט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, ווייל זי האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ אי־דן. איר כאָסן זיצט איצט אין אַרעסט פאַר מעלוכע־פיינטלעכע אַרויסזאָגונגען".

(אָפיציעלע מעלדונג פון 30־טן יוני 1935).

# אַ פאַל מיט אַ פוילישער בירגערן

די פריזירערן פיינגרעבער אין בויטען, וואָס האָט כאַסענע געהאַט מיט אַ אידן, האָבן די שטורמאָוויקעס אַרויסגעשלעפט פון דער אַרבעט דעם 22־טן יולי. מע האָט איר אָפּגעשאָרן די האָר, באַשמירט דאָס פּאַ־נעם און דעם קאָפּ מיט טינט און דזשעגעכץ, אויפגעהאַנגען איר אַ פּלאַ־קאַט מיט דער אויפשריפט: „איך בין אַ ראַסן־שענדערן" און זי געשלעפט דורך די גאַסן. אין דער זעלבער צייט האָבן די שטורמאָוויקעס געזוכט איר כאָסן, זיי האָבן געליאַרעמט אין דער גאַנצער שטאָט: „גיט אַהער

דעם אידן, אין טפּיסע דעם ראַסן־שענדער". פריילן פיינגרעבער איז אי־בערגעגעבן געוואָרן דער פּאָליציי צום אַרויסשיקן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז די באַליידיקטע איז אַ פּוילישע בירגערן. דעריבער האָט מען זי ניט אַרויסגעשיקט אין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער, נאָר מע האָט זי אַריבערגעפירט אין שפּיטאָל. זי האָט לאַנג ניט געקאָנט פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל. פריילן פיינגרעבער האָט געפאָדערט פון דער דייטשישער מעלוכע אַ גרויסע סומע קאָמפּענסאַציע און האָט זי אויך באַקומען".

## דער געיעג אַף „ראַסן-שענדער"

אינמיטן אָקטאָבער 1935 האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערברייטערן די ווירקונג פון די נירנבערגער „געזעצן צו שיצן די ראַסע". די פּאָליציי איז מאָביליזירט געוואָרן, זי האָט געהאָלפן באַם געיעג אַף מענטשן, וואָס האָט געזאָלט אויפדעקן די פאַרברעכנס קעגן די נייע געזעצן. אידן, וועל־כע מע האָט געטראָפן אין גאַס אין באַגלייטונג פון בלאָנדע מיידלעך, האָט מען אָן שום טאַינעס אַרעסטירט. פון דער גאַנצער אימפּעריע איז מיטגעטיילט געוואָרן וועגן אַזוינע אַרעסטן. אין קעניגסבערג איז אַרעס־טירט געוואָרן אַ געוויסער אַדעלבערט בעם, אין פראַנקפורט־אַם־מאַין איז אַרעסטירט געוואָרן מאַקס ניי און איז טייקעף אַריבערגעפירט גע־וואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַכאַו. אין מינכען איז אַרעסטירט גע־וואָרן מאָזעס ריזי, אין דאָרטמונד — גוסטאַוו מאָזבאַך א.אַ.וו. א.אַ.וו., און שטענדיק ווערט די פּאָליציי באַ אירע מאַסמיטלען אונטערגעשטיצט און „באַלערנט" פון די נאָכאַנאַנדיקע העץ־אַרטיקלען פון דער נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישער פּרעסע. די פּרעסע פאַרעפנטלעכט אויך דראָונג־בריוו. ווי צום ביישפּיל, דער פאָלגנדיקער בריוו, וועלכן מיר דרוקן איבער פון־נעם „וועסט־דייטשישן בעאָבאַכטער" פונעם 19־טן אָקטאָבער:

„איר פאַרקערט מיט אידן! עס איז אומווירדיק פאַר אַ דיי־טשישער פרוי ביכלאַל צו קוקן אַף אַ אידן, — שוין ניט ריידנדיק וועגן האָבן מיט אים צו טאָן. מיר נעמען אָן, אַז איר פאַרשטייט ניט, וואָס איר טוט, און מיר וואָרענען אייך. אויב אונדזערע ווײ־

טערדיקע באַאָבאַכטונגען וועלן דערווייזן, אַז די דאָזיקע וואָרענונג האָט אַף אייך ניט געווירקט, וועט אייער נאָמען אַריינגעטראָגן ווערן אין רעגיסטער פון יענע פרויען, וואָס פאַרמאָגן ניט קיין ראַסן־שטאָלץ און האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ אידן. די דאָזיקע פּערזאָנען וועט מען אין נייעם דייטשלאַנד אויסברענען אַ קענטיקן צייכן אפן פּנים, כּדי יעדער דייטשישער מענטש זאָל זיי דערקענען. מיינט ניט, אַז דאָס איז אַ געלעכטער, אָדער כּטאָם אַ סטראַשונעק! מע האָט אייך געוואָרנט און מע האַלט אַף אייך אַן אויג!"

## אַ „דערפינדונג" פון אַן „אַרישן" אינזשעניער

דעם 25־טן סעפּטעמבער טיילט מיט די מינכענער פּרעסע גאָר ערנסט וועגן אַ „דערפינדונג" פון אַן אויגסבורגער אינזשעניער מיטן נאָמען וואלטער שניץ. די דאָזיקע דערפינדונג באַשטייט פון אַ פּענדל, וואָס זיינע וואקלונגען גיבן די מעגלעכקייט צו אונטערשיידן „אַריש" בלוט פון „ניט אַריש" בלוט... אַף „אַריש" בלוט רעאַגירט דער אומרו פּונקט אַזוי, ווי אַף איידל־מעטאַלן, גאָלד אָדער פּלאַטין. פּאַרקערט, אַף „ניט־אַריש" בלוט רעאַגירט ער, ווי אַף ניט איידעלע מעטאַלן, ווי צינק און בליי. דער דערפינדער האָפט, אַז דער בערלינער „ראַסן־אַמט" וועט אויסנוצן זיין מאַשין, און אין דער דריטער אימפּעריע איז דורכוים ניט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, אַז די דאָזיקע האָפענונג זאָל דערפילט ווערן.

# דער קרייץ-צוג קעגן אידן

דער אויסראָטונג־מאַרש, וואָס ווערט געפירט אין דייטשלאַנד קעגן דער אידישער באַפעלקערונג, שטעלט זיך ניט אָפּ אַפילו פאַר די אידישע קינדער. צענדליקער טויזנטער אידישע קינדער זיינען אין דייטשלאַנד געשטעלט געוואָרן אויסערן געזעץ, דער פאַקט פון זייער אידישער געבורט גילט אַלס אַ פאַרברעכן. אָן ראַכמאָנעס העצט מען קעגן זיי לערער און אַרישע מיטשילער. אָן ראַכאָמנעס ווערן זיי מיט זייערע עלטערן אַרויסגעטריבן פון זייער היים. ווער עס האָט דעם מוט צו שיצן אַ אידיש קינד ווערט געשטעמפּלט אַלס „אידן־קנעכט". ווער עס פייניקט אַ אידיש קינד און דערפינדט אַלץ נייע ראַפינירטע מעטאָדן צו סטימולירן זיין פסיכישע און קערפּערליכע צעשטערונג, דעם לויבט מען און מען אָנערקענט אין די העכסטע אינסטאַנצן.

## פּאָגראָם אין די יאַסלעס

אין יולי 1934 פאָדערט דער „שטירמער" רייניקן די קינדער־יאַסלעס פון אידישע קינדער. אַזוי ווי עס זיינען נאָך ניטאָ די געהעריקע פאַראָרדענונגען פונעם מיניסטעריום, איז נויטיק, אַז „דייטשישע מענטשן זאָלן האַנדלען לויט זייער געזונטן דייטשישן כוש. דער דאָזיקער געפיל זאָגט, אַז אידישע קינדער דאַרפן פאַרשווינדן פון די דייטשישע קינדער־יאַסלעס". ווער עס קען די מאַכט־פאַרהעלטענישן אינעם היינטיקן דייטשלאַנד, דער

ווייסט, אַז אַזאַ וואונק פונעם „שטירמער“ איז אַ באַפעל, קעגן וועלכ
קיינער וועט ניט וואַגן אַרויסצוטרעטן, אויב ער וויל ניט, אַז מע זאָ
אים אַריבערפירן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. דער פריינטלעכער וואונק אי
געווענדעט געוואָרן צו די דאָרטמונדער קינדער־יאַסלעס, אָבער מע האָ
אים אויך פאַרשטאַנען אין אַנדערע ערטער. אין אויגוסט 1935 זיינען 0
שוואַכע אידישע קינדער, צו דער פרייד פון די אַרישע קוראָרט־געסט
פאַרטריבן געוואָרן פון דעם אידישן קינדערהיים אין מיסדרוי.

אין דייץ איז געשלאָסן געוואָרן דאָס אידישע יעסוימים־הויז.

אין האַגענאָוו (מעקלענבורג) האָט אַ אידישער בירגער גענומען צ
זיך 12 אידישע קינדער אויף די זומער־קאַניקולן. באַלד איז קעגן אים אָר
גאַניזירט געוואָרן אַ פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע. דער רעזולטאַט איז אַזאַ
די קינדער האָבן געמוזט פאַרלאָזן דעם אישעוו אין מעשעך פון 24 שאָ
דער אידישער בירגער גופע איז גענומען געוואָרן אין „שוץ־אַרעסט“.

דעם אידישן קינדערהיים אין אַרענדזעע (אָפּן באַלטישן יאַם) אי
מיטגעטיילט געוואָרן, אַז ער מוז פאַרלאָזן דעם אישעוו אין מעשעך פו
צוויי שאָ צייט. דער דירעקטאָריסע פונעם קינדערהיים האָט זיך אפילו
איינגעגעבן צו פועלן, מע זאָל פאַרלענגערן דעם דאָזיקן טערמין, אָבע
דער באַפעל גופע וועגן פאַרלאָזן דעם אישעוו איז געבליבן אין קראַפט

## אידישע קינדער דאַרפן ניט האָבן קיין מילך!

פון טאָג צו טאָג מערט זיך די צאָל געשעפטן, וואָס פאַרקויפן ני
אידישע פאַמיליעס קיין לעבנס־מיטלען. דער ווינער „מאָרגן“ טיילט מי
דעם 18־טן אָקטאָבער 1935:

„די אידישע פרויען איז פאַרבאָטן דער צוטריט צו די בעקע
רייען, מילך־געשעפטן און געשעפטן פון לעבנס־מיטלען. די קליינ
קינדער באַקומען אויך ניט מער קיין מילך. פריער פלעגן די ניט
אידישע געשעפטסלייט צושטעלן זייערע אַלטע אידישע קונדן עסנ
וואַרג שטילערהייט לויט טעלעפאָנישע באַשטעלונגען. די דאָזיק
טעלעפאָן־געשפּרעכן האָט מען אונטערגעהערט (אַ שטייגער אי

עלבינג, דער צווייטער גרעסטער שטאָט פון מיזרעך־פּרייסן), און די נעמען פון די געשעפטסלייט האָט מען פאַרעפנטלעכט אין דער אָרטיקער פּרעסע. פון דעמאָלט אָן האָבן די אידן אין עלבינג קיין שום מעגלעכקייט ניט איינצושאַפן זיך לעבנס־מיטלען. היינט ציילט מען שוין אין דייטשלאַנד באַ 50 שטעט, וואו פאַר אידישע קינדער ווערט מער ניט פאַרקויפט קיין מילך. דערונטער זיינען פאַראַן גרויסע שטעט, ווי מאַגדעבורג (300 טויזנט איינוואוינער), שווערין, מאַריענווערדער, דעסאו, פירסטנוואַלדע באַ בערלין.

אָבער די איינפאַכע אויסהונגערונג איז ניט גענוג. מע מוז דערציען פּריצייטיק די „אַרישע" קינדער צו פייניקן זייערע „ניט אַרישע" כאַוויירים, דאָס איז איצט די הויפּט־אויפגאַבע פון „ראַסן־באַוואוסטזיניקע" דייטשישע לערער.

## אַוועק, אידישקע!

„באַ דער פּאַרמיטיק־פּויזע שטעלן זיך די קינדער אויס אין אַ ריי באַם שול־בופעט, וואו מע גיט זיי אַרויס אַ גלאָז מילך און אַ שטיקל ברויט. די קליינע מיידעלעך וואַרטן אין דער ריי. אָבער שטענדיק, ווען עס קומט די ריי פון אַ אידיש מיידעלע, שרייט אויס די דירעקטריסע, וואָס טיילט די מילך: „אַוועק,אידישקע! די פאָלגנדיקע, ביטע.." די דאָזיקע סצענע כאַזערט זיך איבער יעדן טאָג. מע דערלויבט ניט די אידישע קינדער זיך צו שטעלן אין דער ריי. זיי מוזן אויסשטרעקן די האַנט נאָך דער גלאָז מילך און דאַן ערשט הערן: „אַוועק, אידישקע"... די קריסטלעכע קינדער דאַרפן יעדן טאָג צוזען די דאָזיקע סצענע, קעדיי זיי זאָלן זיך לערנען, ווי מע דאַרף באַהאַנדלען אַ אידיש קינד וואָס איז הונגעריק און וויל עסן".

(קאַרלאָ ספּאַרצאַ אין „זשורנאַל דע נאַסיאָן", זשענעווע)

## אַ שול פון פּיין

פאַר אַלע שולן פון דייטשלאַנד גילט דער פּרינציפּ, וועלכן עס האָט פּראָקלאַמירט דער בילדונגס־מיניסטער רוסט, אַז די נאַציאָנאַל־סאָציאַ־

ליסטישע ראַסן־טעאָריע דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס דער וויכטיקסטער אונ־טעריכט:

„דער ראַסן־אונטעריכט דאַרף זיך אָנהויבן פון די קלענסטע, פון די 6־יאָריקע קינדער פונעם ערשטן שול־יאָר, אין איינקלאַנג מיט היטלערס דערקלערונג, אַז קיין אינגל און קיין מיידל טאָר ניט פאַרלאָזן די שול, ניט קענענדיק די נויטיקייט פון ראַסן־ריינקייט".

אַ לערער דערציילט אין דער „פרענקישער טאַגעסצייטונג" פון 2־טן דעצעמבער 1934, ווי ער ווענדט אָן די דאָזיקע אָנווייזונג פונעם מיניס־טער אין דעם ערשטן קלאַס פון דער פאָלקסשול — אַלזאָ בא 6—7 יאָ־ריקע קינדער! — און ווי די קינדער רעאַגירן דערויף:

„...איין אינגל זאָגט: „די אידן האָבן שווייסיקע פיס!" דאָ פילט זיך פלוצלינג געטראָפן דער קליינער האַנס ב.; מיט אַ דער־שראָקענעם טאָן שעפּטשעט ער: „הער לערער, מיינע פיס שוויצן אויך!" קעדיי אים צו טרייסטן, זאָג איך אים, אַז פונדעסטוועגן איז ער דעריבער נאָך ניט קיין איד".

דער דאָזיקער פּעדאַגאָג איז ווייט ניט דער איינציקער. די שולן זייַ־נען לאַנג און גאַנץ גרינטלעך געריייניקט פון אידישע, ליבעראַלע אָדער מאַרקסיסטישע לערער, און יעדער לערער, וואָס ווערט זיך, מאַכמעס זיין אינערלעכן ריינקייט־געפיל קעגן אַזאַ אַרט קינדער־דערציאונג, ווערט עפנטלעך געשטעלט צום שאַנדסלופּ און אָפּגעזאָגט.

שטרייכערס „שטירמער" ווערט אין די דייטשישע שולן באַנוצט אַלס לערן־מאַטעריאַל און אָנשויאונג־מאַטעריאַל. מע לייענט אים פאַר פאַר די קינדער פון 5 ביז 15 יאָר. די קינדער מוזן שרייבן שול־אויפ־גאַבן איבער טעמעס פון דעם „שטירמער", זיי מוזן לערנען אויף אויס־ווייניק ערטער פון דעם „שטירמער".

און די דייטשישע רעגירונג און דאָס בילדונגס־מיניסטעריום דולדן דאָס ניט נאָר שווייגנדיק, נאָר זיי שטימען צו דערצו און שטיצן דאָס.

פול מיט שטאָלץ, פאַרעפנטלעכט דער „שטירמער" אויפזאַצן פון שילער, וואָס אייפעריקע לערער און פאַנאַטיזירטע קינדער שיקן אים צו. די דאָזיקע אויפזאַצן זאָגן איידעס וועגן דער ווירקונג פונעם „שטירמער" און פונעם „ניי־דייטשישן" שול־אונטעריכט אויף די קינדערשע נעשאָמעס.

# לערן-פּלאַן פון „מעלוכע-פּאָליטיק" פאַר די פאָלקס-שולן אין דער דריטער אימפּעריע

| די וואָך | די טעמע | די באַציאונג צום אידן | מאַטעריאַל צום לייענען |
|---|---|---|---|
| 1—4 | דאָס פאַרמילכאָמעדיקע דייטשלאַנד, קלאַסן-קאַמף, רעוועך, שטרייק | דער איד צעליוגט זיך! | הויפּטמאַנס „די וועבער" |
| 5—8 | פון דער אגראר-מעלוכע צו דער אינדוסטריעלער מעלוכע. די קאָלאָניעס. | דער פויער אין דעם אידנס לאַפּעס. | שילדערונגען פון די קאָלאָניעס. פון הערמאַן לענס. |
| 9—12 | די פאַרשווערונג קעגן דייטשלאַנד, אַרומרינגלונג, בלאָקאַדע אַרום דייטשלאַנד. | דער איד הערשט! קריגס - געזעלשאַפטן | בוימעלבורג: „בלאָקאַדע". הינדענבורגס לעבן. קריגס - בריוו |
| 13—16 | דייטשלאַנדס קאַמף — דייטשישע נויט די בלאָקאַדע, הונגער טויט! | דער איד ווערט פאַרמעגלעך! אויסנוצונג פון דער דייטשישער נויט. | מאַנדע: שפּיאָנאַזש אַפן מאַירעוו-פראָנט. קריג - שילדערונגען. |
| 17—20 | דער קינזשאַל שטאָך דער קראַך. | אידן אַלס פירער פון דעם נאָוועמבער-בונט. | פיער דע גראַנזש: מיט אַ געהיימער שעליכעם באַם סוינע. ברונאָ ברעם: „דאָס איז געווען דער סאָף". |
| 21—24 | דייטשלאַנדס מאַרטירער - וועג. ערצבערגס פאַרברעכן. ווערסאַל. | די מיזרעך - אידן וואַנדערן איין. דער טריאומף פון די אידן. | פאָלקמאַן: „רעוואָלוציע איבער דייטשלאַנד". פעדער: „די אידן". ציימונג „דער שטירמער". |
| 25—28 | אַדאָלף היטלער. דער נאַציאָנאַל - סאָציאַליזם. | דעם אידנס קעגנער! | „מיין קאַמף". דיטריך עקאַר. |

| די וואָך | די טעמע | די באַציאונג צום אידן | מאַטעריאַל צום לייענען |
|---|---|---|---|
| 29—32 | די בלוטנדיקע גרענעצן. די פאַרשקלאַפונג פון דייטשלאַנד | דער איד נוצט אויס די דייטשישע נויט. האַלוואָעס. דער דאַו-עס-פּלאַן, דער יונג-פּלאַן. | בוימעלבורג: „דייטש-לאַנד אין קייטן". וועגנער: „דאָס אוילע רעגל זיין קיין פּאַריז". שלאַגעטער: „אַ דייטשישער העלד". |
| 33—36 | דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליזם אין קאַמף קעגן דער אונטערוועלט און קעגן דעם פאַרברעכערטום | אידן העצן צו מאָרד. די אידישע פּרעסע. | האָרסט וועסעל. |
| 37—40 | דייטשלאַנדס יוגנט, פאָרויס! דער זיג פונעם גלויבן. | דער ענד-קאַמף קעגן די אידן. | הערבערט נאָרקוס: „דער אימפּערישער פּאַרטיי - צוזאַמענפאָר. |

דער דאָזיקער „מוסטער-פּלאַן" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער אָפיציעלער לערער-צייטונג „דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער ערציער", נומער 42 אין 1934-טן יאָר.

# אַ בריוו פון אַ לערער

„פון אייער אויסגעצייכנטער קאַמף-צייטונג, דעם „שטירמער" האָב איך מיר אויסגעשניטן אַ ריי פאָטאָגראַפיעס פון אידן, וואָס האָבן אַמאָל געהערשט אין דייטשלאַנד, און, ווי איר זעט פון דער בייגעלעגטער פאָטאָגראַפיע, האָב איך זיי אויפגעקלעפּט אויף אַ טאָוול. באַוואָפנט מיט דעם דאָזיקן אונטעריכט-טאָוול, האַלט איך אין אַלע העכערע קלאַסן פון מיין שול פאָרטראַגן וועגן דער אידן-פראַגע... ווי טיף דער געדאַנק האָט שוין געלאָזן וואָרצלען, קאָנט איר זען פונעם פאָלגנדיקן פאַל, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ 9-יאָריקן שילער פון מיין קלאַס:

איינמאָל באַטאָג איז ער געקומען אין דער שול און דערציילט: „הער לערער, נעכטן בין איך געגאַנגען מיט מיין מוטער

שפּאַצירן. פּלוצלינג, ווען מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי די קראַמען, האָט זיך מיין מוטער דערמאָנט, אַז זי דאַרף אומבאַדינגט האָבן עטלעכע קלעצלעך פּאַדעם. זי וויל מיר געבן געלט, איך זאָל קויפן פּאַדעם. דערויף האָב איך געזאָגט מיין מוטער: „אַהינצו גיי איך ניט, דאָס מוזטו שוין אַליין טאָן. אָבער איך זאָג דיר, אויב דו גייסט אַהין, דערצייל איך דאָס מאָרגן אונדזער לערער, וועסט מוזן קומען אין שול און דאָרט וועט מען דיך שוין אָנלערנען.

אויב דאָס געפעלט אייך, וועלן זיך מיינע קינדער זייער פרייען ווען זיי וועלן דאָס זען פאַרעפנטלעכט אינעם „שטירמער". מיין מיינונג איז, אַז אַזוינע זאַכן ווירקן אַלס ביישפּיל.

אונטערגעשריבן: בורקערט מאַקס, שול־פירער, קעלן־ערענפעלד, אָווערבעקשטראַסע".

(„שטירמער" נומ. 35, יאָרגאַנג 1935).

## אַן אויפזאַץ פון אַ דייטשיש קינד

„ליבער „שטירמער"!

„דער שטאַטהאַלטער שטרייכער האָט אונדז אַזוי פיל דערציילט וועגן אידן, אַז מיר האַסן זיי ווי עס געהער צו זיין. מיר האָבן אין דער שול געשריבן אַן אויפזאַץ אונטער דעם קעפּל: „די אידן זיינען אונדזער אומגליק". איך וואָלט בעטן אָפּדרוקן מיין אויפזאַץ:

צום באַדויערן זאָגן היינט נאָך אַ סאַך מענטשן: „די אידן זיינען אויך גאָטס באַשעפענישן. דעריבער מוזט איר זיי אויך אַכטן", אָבער מיר זאָגן: „פליי און וואַנצן זיינען אויך באַשעפענישן, און פונדעסטוועגן פאַרניכטן מיר זיי. דער איד שטאַמט פון אַ צונויפגעמיש פון ראַסן. ער האָט יערושע־צייכנס פון אַריער, אַזיאַטן, נעגערס און פון מאָנגאָלן. אַזאַ באַשעפעניש איז שלעכט. דאָס איינציקע גוטע, וואָס דער איד פאַרמאָגט, איז דער ווייסער קאָליר פון זיין הויט". אַ דאָרעם־אייראָפּעיִשער שפּריכוואָרט זאָגט: „דער ווייסער איז פון גאָט און דער שוואַרצער איז פון גאָט, אָבער

דער געמישטער איז פון טייוול". יעזוס האָט צו די אידן אמאָל געזאָגט: „אייער פאָטער איז ניט גאָט, נאָר דער טייוול". די אידן האָבן אַ בייזן געזעץ-בוך. דאָס איז דער טאַלמוד. די אידן באַטראַכטן אונדז אַלס בייעס און באַהאַנדלען אונדז אַזוי. געלט און גוטס נעמען זיי בײַ אונדז אָפּ מיט שווינדל. שוין באַם הויף פון קאַרל דעם פראַנק האָבן רעגירט אידן. דעריבער איז איינגעפירט געוואָרן דאָס רוימישע רעכט. אָבער דאָס רוימישע רעכט פּאַסט ניט פאַר די דייטשישע פּויערים. דאָס רוימישע רעכט איז אויך ניט געווען קיין געזעץ פאַר דעם רוימישן פּויער, נאָר עס איז געווען אַ אידישער הענדלער-געזעץ. געוויס זיינען די אידן אויך שולדיק אין דעם, וואָס קאַרל דער פראַנק איז דערמאָרדעט געוואָרן.

אין געלזענקירכען האָט דער איד גרינבערג אונדז פאַרקויפט פּאַדלע. דאָס מוז ער טאָן לויט זיין געזעץ-בוך. די אידן האָבן אַרויסגערופן אויפשטאַנדן און געהעצט צום קריג. רוסלאַנד האָבן זיי דערפירט צו אָרעמקייט. אין דייטשלאַנד האָבן זיי געגעבן געלט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און האָבן אויסגעהאַלטן מערדער. מיר זיינען געשטאַנען באַם ברעג פון אָפּגרונט. דעמאָלט איז געקומען אַדאָלף היטלער. איצט זיינען די אידן אין אויסלאַנד און העצן קעגן אונדז. אָבער מיר לאָזן זיך ניט פאַרפירן און מיר גייען נאָך דעם פירער. מיר קויפן גאָרנישט בײַ אידן. יעדן גראָשן, וואָס מיר גיבן אים, טויט איינעם פון אונדזערע.

הייל היטלער!

ערנע ליסטינג.

געלזענקירכען, אַסוואַלדשטראַסע 8".

(„שטירמער", נומ. 2, יאָרגאַנג 1935)

דער „שטירמער" איז זייער שטאָלץ מיט דעם דאָזיקן בריוו און גיט צו צו אים פאָלגנדיקע באַמערקונג:

„פּונקט ווי מיר, אַזוי וועלן זיך אויך פרייען די לייענער פון „שטירמער" איבער דעם, וואָס די קליינע ערנע פון געלזענקירכען דערציילט אין איר שול-אויפזאַץ. דער „שטירמער" האָט צו ווייַנאַכטן געשיקט ערנאַן אַ קליינע מאַטאָנע".

עפנטלעך דאַנקט דער „שטירמער" דער לערערן הילדע פֿאַלמעראַ, ווייל זי „לערנט און דערציט אין גייסט פֿון דער נייער צייט" אירע שי־לערנס, ווי עס באַווייזט דער שול־אויפֿזאַץ פֿון דער 9־יאָריקער העלגע גערבינג. דער אויפֿזאַץ האָט אַזאַ קעפּל:

## „די קוקאַווקע און דער איד"

אין דער שול האָבן מיר מיט אַ קורצער צייט צוריק געלערנט וועגן דער קוקאַווקע. זי איז דער איד צווישן די פֿייגל; ווייל לויט איר אויסזען, איר טאָן און אויפֿירונג איז זי זייער ענלעך צו אַ אידן. איר קרומער שנאָבל דערמאָנט דעם אידנס קרומע נאָז. אירע פֿיס זיינען קליין, דעריבער קאָן זי ניט גוט גיין אַף דער ערד. אַזוי איז עס אויך מיטן אידן, ער האָט אויך ניט קיין שיינעם גאַנג. באַם רופֿן „קוקו", מאַכט זי שטענדיק קאָמפּלימענטן, ווי דער אידישער סויכער, ווען ער וויל אַרויסווייזן זיין העפֿלעכקייט, קעדיי מיר, דייטשן, זאָלן באַ אים קויפֿן. ביידע אידן, דער איד צווישן די פֿייגל און דער איד צווישן די מענטשן, זיינען פּאַראַזיטן, דאָס הייסט, זיי ווילן ווערן רייך און פֿעט אַף יענעמס כעשבן. די קוקאַווקע לייגט אירע אייער אין די נעסטן פֿון אַנדערע פֿייגל, צום ביישפּיל פֿון גראָז־מיקן און רויט־העלדזלעך און וויל דאָרטן לאָזן אויספּיקן אירע פֿייגעלעך און זיי לאָזן אויפֿהאָדעווען (אַ וואונדער, וואָס דער איד פֿאַרלאַנגט דאָס ניט פֿון אונדז). ווי נאָר די קו־קאַווקע פּיקט זיך אויס פֿונעם איי, ווערט זי טייקעף אומפֿאַר־שעמט. זי ציט זיך צום בעסטן ביסן און וויל שטענדיק האָבן אַלץ. זי שטויסט אַוועק די עכטע פֿייגלקינדער, ווי נאָר די אַלטע קומען מיטן עסן. זי האָט גרויסע אויגן און איז זייער זשעדנע. איר לאָ־זונג איז: אייגענער נוצן איז פֿריער פֿאַרן אַלגעמיינעם נוצן, פּונקט אַזוי, ווי באַם אידן, יענער קלערט אויך וועגן זיך און וועגן זיין נוצן. אַבי נאָר ער זאָל אָנפֿילן זיין געלט־בייטל און זיך מאַכן אַ פֿיין לעבן! ווען דער פּלאַץ אינעם פֿייגל־נעסט ווערט צו ענג, ווייל די קוקאַווקע אַרויסשטויסן די יונגע פֿייגעלעך פֿון זייער איי־

גענער וואוינונג. ניט זעלטן ווארפט זי ארויס א קליין אויפעלע. אזוי וויל אויך טאָן דער איד מיט די דייטשן. ער איז געקומען, א פרעמדער, אין אונדזער „נעסט“ און וויל אונדז פונדאַנען פאַר־טרייבן. אָבער מיר, מענטשן, זיינען ניט אזוי נאַריש, ווי די פייגל. מיר לאָזן זיך ניט און מיר ווארפן ארויס די פרעכע „קוקאווקע“ פון אונדזער לאַנד. מיר, קינדער, העלפן אויך דערביי מיט. עט־לעכע פון אונדזער קלאַס שטעלן זיך אוים באַם מאגאזין פונעם איד בער, און ווען מענטשן ווילן אהין אריין, שרייען מיר: „שעמט זיך, באַם אידן קויפט איר, פע, טייוול!“ דעמאָלט ווערן די פרויען נאָר רויט אין פּאָנעם און זיי גייען אוועק.

עמעס „שטירמער“, דאָס געפעלט דיר!
הייל היטלער!

אינעם נאָמען פונעם 4־טן קלאַס
עלגא גערבינג“.

אז דער „שטירמער“ איז די פאַסיקע צייטונג פאַר דער דערציאונג פון קינדער, קאָנען באווייזן די פאָלגנדיקע מעלדונגען, וועלכע מיר נע־מען ארויס פון עטלעכע נומערן פון דער דאָזיקער צייטונג. די דאָזיקע מעלדונגען זיינען, ווייזט אוים, „הומאָר“:

## „אידישע אַנאָנסן“

א הויך־בעקאָוועדיקע אידישע פאַמיליע

זוכט פאַר איר געשלעכט-רייפן 12-יאָריקן זון אַ בלאָנד שיקסעלע פאַר אויפקלערונג-צוועקן. אָפּפאַל־דערנערונג און שלעכטער לוין געזי־בערט. אויסזיכט אַף ווייטערדיקע רעקאָמענדאַציעס. דערוויסן זיך באַם שאַמעס אין שיל

ווער איז א ספּעציאַליסט

אַף דראַט-מאַגנאָגראַמעס, מאַגנדאַווידס אאַוו. צום אייזנברענען אין לייבער פון גוים? פאָרשלאָג: מאַכן דעם סאַדיסטן-קלוב „בניי-ברים“.

געהייליקטער סינאַגאָגע־ווייַן

גאַראַנטירט, נאָך ניט בּאַרירט פון א גוי (אַלזאָ ניט קיין נעסעך).

ליכט געפּאַרבט מיט מענטשן־בלוט צוזאַמען מיט דער קיילע ווערט פאַר־קויפט ביליק. פאַרשלאָגן אונטער „דיסקרעציע".

א ראָוו אָן א שטעלע

גיט גרינטלעכן אומטעריכט אין טאַלמוד־פּאָקוסן (האָמאָסעקסואַ־ליסטן באַקומען האַנאָכע). אָנפראַגן: ראָוו פערקער, בראָדער אַלייע.

(„שטירמער" נומער 4, יאָרגאַנג 1935).

נאָר פאַר קענער! — איינמאָליקע געלעגנהייט

אַ פּאָר טפילין פון יונגער מענטשן־הויט (אָן בלוט־שפּורן) צו פאַרקויפן אַ ליבהאָבער. פאַרשלאָגן: בושאָוו קסאַנטען.

א גרעסערע קעהילע,

וואָס האָט ניט קיין פּאַסיקע גוים, זוכט עטלעכע יונגע מאַלפּעס פאַרן פאַרשטייענדיקן פורים־יאָנטעוו צו קוילענען. עס זיינען נויטיק נאָר פולבלוטיקע כייעס. פאַרשלאָגן מאַכן דעם ראַבינאַט אָדער דעם שויכעט.

(„שטירמער" נומער 18, יאָרגאַנג 1935).

קעריי די שיקסע זאָל בלייבן אין דער מישפּאָכע,

פאַרדינג איך מאַכמעס אימפּאָטענץ, מיין פּריינדן אַ יונגערן גלויבנס־כאַווער פאַר קליינע קאָסטן. די שיקסע קאָן אַלע אידישע מינ־האָגים און מע קאָן זי באַנוצן פאַר פילע צוועקן.

פאַר עלטערע יאָרן זיינען פאַראַן אויסגעפּרואווטע „אַקט־בילדער". אָנפרעגן „פרידע" קאָמערציע־ראַט סיגי ווייסנבערגער.

(„שטירמער" נומער 21, יאָרגאַנג 1935).

## קינדער ווערן דערצויגן אַלס פּאָגראָם־העלדן

די אידן־העצע, וואָס ווערט געטריבן אין יעדן לימעד אין דער שול, האָט פאָלגן, וועלכע עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן. דורך די פּאָרנאָגראַ־פישע מיטיילונגען פונעם „שטירמער" ווערן קינדער פריציייטיק „אויפגע־קלערט" אף דעם סאַמע שמוציקסטן אופן. קינדער באַקומען אַלס „שטיר־מער־גווארדיסטן" דאָס אומבאַגרענעצטע רעכט צו טעראָריזירן דערוואַקסענע. קינדער קלערן אויף זייערע עלטערן וועגן דער „געפאַר פון ריטואַל־מאָרד", קינדער מוזן מאסערן זייערע עלטערן.

קינדער ווערן געהעצט קעגן קינדער, ווי דאָס באַווייזן די מיטיילונ־גען פון ענגלישע צייטונגען:

„די לײדן פון די אידישע שול־קינדער זײנען שרעקלעך. אין אַ סאַך שולן האָבן די לערער פאָראָרדנט, אַז די אידישע קינדער זאָל פארבאָטן ווערן צו זיצן צוזאַמען מיט „אַריער", און מע זעצט זיי אַף באַזונדערע בענק. אין אַ סאַך שולן איז די יונגע „אַריער" פאַר־באָטן זיך צו שפּילן מיט די אידישע קינדער בעיים דער פּויזע. די אידישע קינדער קומען פון שול אַהיים דערשלאָגן און טיף באַ־לײדיקט".

(„מאַנטשעסטער גאַרדיאַן", 21־טן אויגוסט 1933).

„די קינדער גײנען זיך אָפט שרעקלעך פאַנאַנדער. און איך אַליין קען אַ אידיש מײדל אין עלטער פון 9 יאָר, וואָס האָט באַ־קומען אַ היסטערישן אָנפאַל אין קלאַס, ווייל דער לערער האָט גע־האַלטן אַ רעדע וועגן פאַרדאָרבנקייט פון דער אידישער ראַסע. מע האָט געמוזט דאָס קינד אין כאַלאָשעס אַרויסטראָגן פון קלאַס".

(„דײלי העראָלד", 9־טן פעברואַר 1934).

פון אַפּריל 1933 אָן ווערן אין רעגלמעסיקע צייט־אָפּשניטן פאַר־עפנטלעכט געזעצן, עס ווערן אויסגעטראַכט פּאַראַגראַפן מיטן ציל אַרויס־צושטויסן און אויסצושליסן אידישע קינדער און יוגנטלעכע פון די מיטל־שולן און פון די הויכשולן. צייטווייליק זײנען די דאָזיקע געזעצן און פּאַ־ראַגראַפן געקרוינט געוואָרן מיט דער פאַראָרדענונג פון 10־טן סעפּטעמ־בער 1933, וואָס זאָגט, אַז פון פּייסעך 1936 אָן טאָרן אידישע און האַלב־אידישע קינדער מער ניט באַזוכן אַפילע די עפנטלעכע פאָלקסשולן. מע דאַרף אָרגאַניזירן באַזונדערע אידישע שולן, אויב עס זײנען פאַראַן ווײ־ניקסטנס 20 אידישע קינדער. דערבײ „מעג מען צונויפנעמען אין נויטיקן פאַל אינײנעם עטלעכע אָדער אַלע יאָרגענג אין איין קלאַס". זעלבסט־פאַרשטענדלעך, איז אַ נאָרמאַלער אונטעריכט ניט מעגלעך אין אַ קלאַס, וואָס נעמט אַרום 6־יאָריקע און 14־יאָריקע קינדער. אָבער דאָס אַרט ניט דעם בילדונג־מיניסטער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אידישע קינדער.

# קיין ליכט, קיין לופט, קיין זון

אויב די אידישע קינדער ווערן אין די שולן פארשטויסן און אָפּגע־זונדערט ווי קרעציקע, ווי פּעסט־קראנקע, איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז זיי קאָנען אויך ניט באקומען קיין שום דערהוילונג צוזאמען מיט זייערע אַרישע כאוויירים. סאָף אויגוסט 1935 טיילט מיט די „גערמאַניאַ", אז די בייערישע שול־פארוואלטונג האָט באשטימט,

„אַז ניט אַרישע שילעה און שילערינס זאָל מען מער ניט מיט־נעמען אין שול־קאָלאָניעס".

די אָפּטיילונג מיטעלעלבע־האַרץ אינעם „אימפּעריש פארבאנד פאר דייטשישע יונגנט־היימען" האָט אין דער זעלבער צייט מיטגעטיילט (לויטן „בערלינער טאגעבלאט"), אז „אין די יוגנט־היימען קאָנען ניט געפינען קיין היים מענטשן, וואָס איבער זייער ראסע ווערן זיי באַ־טראכט אלס א פרעמד־קערפּער אינעם דייטשישן פאָלק. מע קאָן קיין דיי־טשישן באָכער און קיין דייטשיש מיידל ניט פארלייגן שלאָפן אונטער איין דאך מיט א פרעמד־ראסיקן אָדער זיין צוזאמען אין איין צימער. די יוגנט־היימען פונעם קרייז מיטעלעלבע־האַרץ האָבן באקומען די שטרענגסטע אָנווייזונגען ניט אויפצונעמען קיין אידן". די זעלבע מעל־דונגען זיינען געקומען פון גאנץ דייטשלאנד.

בריוו פון דער דריטער אימפּעריע דערציילן וועגן דעם גורל פון די אידישע קינדער, וואָס האָבן געוואגט זוכן דערהוילונג „אַף אייגענער רי־זיקע":

„אַ סטאָליער האָט דערציילט אַן איבערלעבונג פון זיין אור־לויב־צייט, וואָס ער האָט פארבראכט אין א דאטשע־ביידל אַף דער עלבע צוזאמען מיט זיין טאָכטער און זיין איידעם: דאָ זיינען גע־ווען א סאך אזעלכע ביידלעך. אין איין ביידל האָבן געוואוינט דריי 12—13־יעריקע אידישע אינגלעך, פיינע, וואוילדערצויגענע קינדער, וואָס האָבן דעם גאנצן טאָג פארבראכט אין זייער שפּיל. זיי האָבן קיינעם ניט געשטערט. ביזוואנען איינמאָל איז אָנגעקומען א פאמי־ליע, א מאן, א פרוי און א קליין קינד. דאָס זיינען געווען „עכטע". זיי האָבן זיך באקלאָגט אין דעם נאָענטסטן אָרט אַף זייערע „ניט־

אַרישע" שכיינים. שפּעט אין אָוונט, ווען די אינגלעך זיינען שוין געשלאָפן, זיינען אָנגעקומען 20 דערוואַקסענע יונגען אין מונדירן און האָבן אָנגעהויבן ווילד שלאָגן די אינגלעך. די אינגלעך זיינען אריינגעשפּרונגען אין זייער שיפל, אָבער פון דאָרטן האָט מען זיי ארויסגעשלעפּט, געוואָרפן מיטן קאָפּ אין וואַסער און ווידער געשלאָגן. האַלב טויט פון ווייטעק און שרעק האָבן זיך די קינדער ענדלעך געראַטעוועט מיט זייער שיפל. די שטורמאָוויקעס האָבן נאָך צוגענומען די זאַכן פון די אינגלעך, זייערע קליידער א.אַ.וו. און זיינען אוועק. שפּעטער, ווען מע האָט פאַרגעוואָרפן דער פאַמיליע, פאַרוואָס זי האָט די קינדער ניט אוועקגעטריבן אליין, אויב זיי האָבן געשטערט, אָנשטאָט צו קלאָגן זיך באַ די שטורמאָוויקעס אַף זיי, האָט די פרוי געזאָגט: „עס שטייט געשריבן, אַז מע מוז זיי שטראָפן ביזן דריטן דאָר!"

## קיין רעכט אַף אַרבעט, קיין רעכט אַף פּראָפעסיע

דער פיין פון דער שולצייט פירט צו אַן אָרגאַניזירטן קינדער-געטאָ. פון דעם דאָזיקן געטאָ איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו אַנטלויפן אויך שפּעטער, ווען מע וואַקסט אויס. אַזוי ווי קיין שום אידישע דאָקטוירים, יוריסטן, באַאַמטע לערער א.אַ.וו. טאָרן ביכלאַל מער ניט זיין, האָט די אַקאַדעמישע קאַריערע פאַרלאָרן איר זין. האַנטווערקעריי? דער אידישער יוגנטלעכער געפינט אפילע ניט קיין שטעלע פון אַ לערן-אינגל אין די אוניפיצירטע צעכן פון דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער האַנטווערק-און געווערב-אָרגאַניזאַציע. די „יודישע רונדשאַו" (נומ. 84, יאָרגאַנג 1933) טיילט מיט וועגן אַ באַשטימונג פון דעם צוזאַמענפּאַר פון די דייטשישע האַנטווערק-און געווערב-קאַמערן:

„די „אָסט-פּרייסישע האַנטווערק-צייטונג", קעניגסבערג, פאַרעפנטלעכט אינעם נומ 10 אַ מיטיילונג, לויט וועלכער דער צוזאַמענפּאַר פון די דייטשישע האַנטווערק-און געווערב-קאַמערן האָט ארויסגעלאָזן אַן אינסטרוקציע, וואָס פאָדערט אויף האַנטווערקער אָפּצוואַרפן יעדערליי ציאָניסטישע פאַרלאַנגען וועגן

האַנטווערקער־אויסבילדונג פון אידישע יונגעלייט, וואָס גרייטן זיך צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע. אַלס מאָטיווירונג ווערט אָנגעוויזן, אַז עס איז פאַראַן אַ געפאַר, אַז די אויסגעבילדעטע אידישע האַנט־ווערקער וועלן ניט אויסוואַנדערן קיין פּאַלעסטינע, נאָר זיי וועלן בלייבן אין דייטשלאַנד, דערביי קאָנען זיי שפּעטער זיך אַריינבאַ־קומען אַלס מיטגלידער פון די האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציעס, אַזוי, אַז די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס וועלן אַרונטערפאַלן אונטער דער פרעמד־שטאַמיקער גייסטיקער ווירקונג. איבער דעם דאָזיקן מאָטיוו קאָן מען ניט רעקאָמענדירן באַפרידיקן די ציאָניסטישע פאַרלאַנ־גען".

אויב די אידישע עלטערן פרואוון געבן זייערע קינדער אַ לאַנדווירט־שאַפטלעכע אויסבילדונג, וואָס זאָל זיי מאַכן פעיק צו פאַרדינען אַף צו לעבן אין אויסלאַנד, רעאַגירט אַף דעם „דער דויטשע" (פעברואַר 1934), דאָס בלאַט פונעם „דייטשישן אַרבעט־פראָנט", אַף אַזאַ אויפן:

„ווידער פרואוון אידישע יוגנט־פאַרבאַנדן איינאָרדענען זייע־רע מיטגלידער אין לאַנדווירטשאַפטלעכע לערן־אַנשטאַלטן. די דאָ־זיקע אידן ווילן זיך קלוימערשט צוגרייטן צו לאַנדווירטשאַפטלעכער טעטיקייט אין פּאַלעסטינע. אין פּאַלעסטינע וואָלט עס געווען אַ גאַנץ פיין בילד, ווען איזאַק טראָמפּעטנשליים זאָל זיך פאַרנעמען מיט אַקערן, און רעבעקאַ לעווענמאַול זאָל מעלקן ציגן. אָבער אונ־דזערע דייטשישע פויערים ווילן ניט האָבן, אַז אַפן דייטשישן באָדן זאָלן טרעטן די קרומע פיס פון אידישע אויסוואורפן".

## קינדער ווערן אָנגעקלאָגט אין „ראַסן־שאַנדע"

טאָגטעגלעך דערציילט מען קינדער וועגן „אידישער געשלעכט־גי־ריקייט", וועגן דער געפאַר פון „ראַסן־שאַנדע" און ענלעכע זאַכן. אומ־שולדיקע קינדער־פריינטשאַפט צווישן „אַרישע" און „ניט־אַרישע" קינ־דער ווערט באַשמוצט. ווען מע כאַפּט אַ אידיש אינגל באַם אהיים גיין פון שול צוזאַמען מיט אַן „אַריש" מיידל, ווערן זיי ביידע באַשולדיקט אין „ראַסן־שענדערישע באַציאונגען".

דעם 8־טן יולי 1935 האָט דער יוגנט־געריכט אין דאַרמשטאַט פאַר־

אורטיילט אַ 15־יאָריק אידיש אינגל צו דריי יאָר געפענגעניש קלוימערשט פאַר אַ פּרואוו צו פאַרגוואַלטיקן אַ 9־יאָריק „אַריש" מיידל. אין דער באַגרינדונג פונעם אורטייל ווערט געזאָגט (לויט דער „דייטשער נאַכריכטן־ביוראָ),

„אַז דער אָנגעקלאָגטער, אַלס אַן אָנגעהעריקער צו דער אידישער ראַסע, האָט געפּרואווט פאַרגוואַלטיקן אַ דייטשיש מיידל, כאָטש ער האָט געקענט דעם שטאַנדפּונקט, וואָס דאָס דייטשישע פאָלק האָט איצט פאַרנומען, און צווייטנס, האָט ער דורך דער טאַט באַוויזן, אַז ער האָט זיינען פאַרברעכנס געוואָלט באַגיין נאָר מיט דייטשישע קינדער".

דער דאָזיקער אורטייל, דורכגעדרונגען פון שטרייכערס גייסט, האָט צוגעגעבן כיישעק צו ווייטערע איבערפאַלן אויף יוגנטלעכע „ראַסן־שענדער" דאָס, וואָס איז ביז דאַן מעגלעך געווען נאָר אין דער פּראָווינץ, איז איצט זומער 1935, געלונגען אויך אין בערלין. אַ 15־יאָריקער אידישער שילער איז געווען באַפריינדעט מיט אַ 14־יאָריק „אַריש" מיידל. שילערנס פון די העכערע קלאַסן האָבן, לויט אַ פאַראָרדענונג פון אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע, איינגעאָרדנט אַ נאָכשפּירונג נאָך ביידן. מע האָט זיי נאָכגעשפּירט, ווען זיי זיינען צוזאַמען אַהיימגעגאַנגען פון שול, מע האָט זיי פאַרפאָלגט און זיי ניט געלאָזט צורו. אין איינעם אַ טאָג האָבן זיי מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן די פאַרפאָלגונג און זיינען אַריינגעלאָפן אין אַ טויער. טייקעף איז אַרויסגערופן געוואָרן פּאָליציי, וואָס האָט אַרויסגעשלעפּטביידע דערשראָקענע קינדער. אַ פאָטאָגראַף פונעם „שטירמער" איז אויך געווען דערביי און האָט אָפּגעפאָטאָגראַפירט די „פאַרווילדעוועטע יוגנטלעכע אויסוואורפן": בא די עלטערן פון דעם מיידל האָט מען, לויט דער איניציאַטיוו פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע, אוועקגענומען דאָס עלטערן־רעכט; „ווידער איז אַן אַריש מיידל, — האָט געשריבן דער „שטירמער" — געפאַלן אַ קאָרבן פונעם אידישן דאָרשט..." אַ.אַ.וו. דאָס אינגל איז אַרעסטירט געוואָרן. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע האָט אָפּגיך אָרגאַניזירט אַ „ספּאָנטאַנע דעמאָנסטראַציע" פאַר דער וואוינונג פון דעם שילערס עלטערן. זיי האָבן געמוזט אָפּראַמען די וואוינונג...

# אידן אין קאָנצענטראַציע לאַגערן

אַ קרוצע צייט נאָך היטלערס איבערנעמען די מאכט האָבן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן איינגעאָרדנט זייערע באוואוסטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. עס איז שווער פעסטצושטעלן, וויפל אידן עס זיינען פאראַן צווישן די ארעסטירטע, וואָס זיינען געפייניקט געוואָרן אין די קעלערס פונעם קאָלומביא־הויז (געהיימע מעלוכע־פּאָליציי), אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אין די טורמעס. געוויסע אויספירן קען מען מאכן, ווען מע נעמט אין אכט, אַז לויט זיעכער יעדיעס זיינען נאָך היינט אינטערנירט אין דאַכאַו איבער 100 אידן. פון זיי זיצן דאָרט בא 60 פּראָצענט שוין פונעם יאָר 1933 — נאָר דערפאר, וואָס זיי זיינען אידן. די אָפיציעלע אנשטאַלטן פון דער דריטער אימפּעריע לייקענען, זיי דערקלערן, אַז אלע יעדיעס וועגן פייניקונגען זיינען „גרויל־פּראָפּאַגאַנדע“, — אָבער אלץ מער און מער ווערט מען געוואָר, וואָס עס טוט זיך אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. די פּאַרצוימונגען פון שטעביקן דראָט האָבן ניט געקאָנט שטערן, אז דער אָדער יענער זאָל אנטלויפן, און די וועלט זאָל געוואָר ווערן וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פונעם היטלערישן דייטשלאַנד. פייניקונגען, „זעלבסטמאָרד“ און מאָרד ווערן באַפוילן פון אויבן און ווערן סיסטעמאַטיש דורכגעפירט.

## אידן באַזונדערס געפייניקט

די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע טאַליאָנים גיבן אָפּ די אידן אין די

קאָנצענטראַציע־לאַגערן א באַזונדערע „אויפמערקזאמקייט". אין דער באַשטימונג וועגן דער אָרדענונג אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער עסטערוועגען, פונעם 1־טן אויגוסט 1934, געפינען מיט א פאַרשריפט, אז אין דער דריטער שטופע (דאָס הייסט — אין דער ערגסטער) דאַרף מען אַריינזעצן:

„א) אַנפירנדיקע פּאָליטישע פּערזענלעכקייטן און אינטעליגענטן, וואָס זייער ביז־איצטיקע אָדער פריערדיקע ווירקונג איז אָנערקענט געוואָרן אלס באַזונדערס שעדלעך פאַרן פאָלק און פאַר דער מעלוכע;

ב) אַרעסטירטע, וואָס זיינען באַשטראָפט געוואָרן מיט שטרענגן ארעסט אָדער איינצל־ארעסט;

ג) ארעסטירטע פון דער אָפּטיילונג „שטראָף־ארבעט";

ד) קרימינעלע ארעסטאַנטן;

ה) א י ד ן און אנדערע פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אלס פאָלקס־שעדלעכע אָדער נידערטרעכטיקע פּאָליטישע העצער;

ו) פריערדיקע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פירער, וואָס האָבן מיסגעבּרויכט מיט דעם צוטרוי פון זייער העכסטן פירער אָדער האָבן זיך ארויסגעוויזן אלס פאַרעטער;

ז) אַרעסטירטע, וואָס האָבן ארויסגעוויזן אין זייערע בריוו, אז זיי ווילן זיך אבסאָלוט ניט בעסערן".

וואָס די דריטע שטופע באַטייט, קאָן מען זען פון דער איינלייטונג צו דער דיסציפּלינאַר־און שטראָף־אָרדענונג פאַר דעם לאַגער, וואו עס שטייט געשריבן:

„טאָלעראַנץ באַטייט שוואַכקייט. ארויסגייענדיק פון דער דאָזיקער האַנאָכע, דאַרף מען אָנווענדן געוואַלט דאָרטן, וואו דאָס שיינט צו זיין נויטיק אין די אינטערעסן פונעם פאָטערלאַנד. דער אָנשטענדיקער פאַרבלענדטער פאָלקס־כאַווער וועט ניט ליידן פון די דאָזיקע שראַף־באַשטימונגען. אָבער די פּאָליטיזירנדיקע העצער און אינטעליגענטן — אַלציינס פון וועלכער ריכטונג — דאַרף מען זאָגן: היט זיך, מע זאָל אייך ניט פּאַקן, אניט וועט מען אייך אָנע־

מען פארן קארק און מע וועט איך אייער לויט אייגענעם רעצעפּט צווינגען שוויַיגן".

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די אידן־העצע אין לאַנד און די פּאָגראָמען לאָזן זיך פילן אין טורמע און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן מער, ווי אומעטום. עס איז אוממעגלעך צו ברענגען דעם גאַנצן מאַטע־ריאַל וועגן דעם, און מיר מוזן זיך באַגרענעצן מיט אַ קליינער צאָל פאַלן, וואָס זיינען באַוואוסט געוואָרן, כאָטש עס ווערן אָנגענומען מיטלען צו פאַרמאַכן הערמעטיש די לאַגערן.

## „שוץ־אַרעסט"

די הערשער פון דער דריטער אימפעריע ווענדן ברייט אָן דעם אַזוי גערופענעם „שוץ־אַרעסט". מע אַרעסטירט אַ מענטש, ניט ווייל ער האָט זיך עפּעס פאַרשולדיקט, נאָר ווייל „עס דראָעט אים דער פאָלקס־צאָרן" און מע וויל אים מיט דעם אַרעסט „באַשיצן". דער „באַשיצטער" ווערט, נאַטירלעך, געבראַכט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. ווי אַזוי עס זעט אויס אַזאַ „שוץ־אַרעסט", דערציילט אונדז אַ באַריכט פונעם ראַבינער אַבראַ־האַם פון ראַטענאַוו, וועלכער איז אַ געוויסע צייט געווען אַרעסטירט „צו זיין אייגענעם שוץ":

„דאָס האָב איך באַלד פאַרשטאַנען: קיין ווידערשטאַנד דאַרף מען ניט שטעלן. צי מע האָט מיך גענומען פאַר די פיס, צי פאַרן האַלדז, צי מע האָט מיך געוואָרגן אָדער ווילד געשלאָגן, צי מע האָט שטולן געבראָכן אויף מיין קאָפּ, אָדער דער גומי־שטעקן האָט מיך געטראָפן מיט שרעקלעכער קראַפט אין קאָפּ, אָדער דער רע־וואָלווער איז געלעגן ניט ווייט פון מיר — איך האָב אַלץ געמוזט איבערטראָגן.

שוין דעם ערשטן טאָג האָט מיך דער שטורעם־פירער שטאַל־קאָפּ אַריינגעפירט אין צימער 16, דעם אַזויגערופענעם „פּאָליציי־און פאַרהער־צימער". די פענצטער פון דעם דאָזיקן צימער גייען אַרויס אויפן הינטערהויף, אַזוי אַז אויף דער גאַס און אינעם לאַגער הערט מען ניט די געשרייען פון די „פאַרהערטע". אין צימער 16 זיינען

געווען: דער שטורעם־פירער שטאלקאַפ און צוויי פּאָליציי־באאמטע אין מונדירן. איך האָב זיך געמוזט לייגן אף א שטול און האָב באַקומען פון שטאלקאַפ אַן אַ שיר קלעפּ מיטן גומי־שטעקן איבערן געזעס. די שמאכט האָט איבערגעשטיגן אַלע גרענעצן, ווייל איך האָב זיך געמוזט אויסטאָן נאַקעט, און מע האָט מיך געשלאָגן אין די געשלעכט־אָרגאַנען.

נאָך א פּייניקונג פון אַנדערהאלבן שעה האָט מען מיך אַרויסגעפירט פונעם צימער 16. איך בין קוים געווען בכוח צו האַלטן זיך אף די פיס,ציטערנדיק פון שאנדע און אָנמעכטיקן צאָרן.

די גרופּע אידן אין אָראַניענבורגער קאָנצענטראַציע־לאַגער איז באַשטאַנען פון אומגעפער 55 מאַן, צווישן זיי 39 אינגלעך פון א אידישן דערציאונג־אַנשטאלט בא בערלין. די קינדער פון דער דערציאונג־היים האָט מען געהאַלטן 6 וואָכן צייט אין אַרעסט. פיל פון זיי זיינען אין לאַגער אָראַניענבורג געוואָרן פסיכיש קראַנק אף זייער גאַנץ לעבן. נאָך א טאָג פאר דער באפרייאונג פון אַרעסט האָט מען איין 19־יאָריקן באָכער שטארק געשלאָגן, ער איז געווען א „שטובמיידל" בא א שטורמאַוויק. מע האָט אים באַשולדיקט, אז ער האָט קלוימערשט צוגעגאַנוועט א מאַרק בא דעם שטורמאַוויק. מע האָט אים צוערשט גענומען אין צימער 16, וואו ער האָט זיך געדאַרפט מוֹדה זיין. ווען מע האָט אים געשלאָגן אַזוי, אז ער האָט קימאַט פאַרלאָרן דאָס באַוואוסטזיין, האָט ער זיך מוֹדה געווען אין אַלעם, וואָס מע האָט פון אים פאַרלאַנגט. ער האָט באַהויפּט, אז ער האָט פאַרגראָבן דאָס געלט אפן הויף, און א האַלבע שעה האָט מען אים אויך געלאָזן זוכן דאָס געלט. ער האָט דאָס געלט דאָרטן ניט געקאָנט געפינען, ווייל ער האָט עס ניט געגאַנוועט און ניט באַגראָבן. מע האָט מיך שפעטער פאַרזיכערט, ווען איך האָב מיט אים גערעדט, אז ער האָט זיך „מודה געווען", קעדיי צו נעווינען צייט און קומען צו זיך פון די שרעקלעכע קלעפּ. איך האָב אים געגלויבט. אין יענעם מאָמענט האָט ער געוויס ניט געזאָגט קיין ליגן. אַזוי ווי מע האָט דעם מאַרק ניט געפינען, האָט מען דעם באָכער ברוטאַל געשלאָגן, און ער האָט אָנגעוויזן, אז ער האָט

דאָס געלט באַהאַלטן אין אַן אַנדער אָרט אפן הויף: ער האָט געוואָלט ווידער געווינען א האַלבע שאָ. דאָס האָט זיך איבערגעבאַזערט 4 מאָל. מיר, עלטערע ישוץ־אַרעסטאַנטן, האָבן מער ניט געקאָנט צוקוקן די פייניקונגען פונעם אינגל און האָבן אים געגעבן א מאַרק, קעדיי ער זאָל קאָנען אָפּגעבן צוריק דאָס „געגאַנוועטע" געלט און ענדלעך פּאָטער ווערן פון דער פּיין. די לעצטע פייניקונג איז פאָרגעקומען אין אָוונט. שטורמאָוויקעס זיינען אַריין אַרום 9 אַזייגער אין אונדזער שלאָפצימער, האָבן זיך געהייסן וויזן דאָס בעטל פון דעם „גאַנעוו" און האָבן אים א נאַקעטן גענומען שלאָגן מיט גומי־שטעקנס. מיר האָבן געהערט די געשרייען, אָבער מיר זיינען געווען מאַכטלאָז.

די אידן־גרופּע האָט מען אין לאַגער דערקלערט אַלס „דעזינפּעקציע קאָלאָנע". אין איינעם אָן אָוונט זיינען מיר געקומען, ווי געוויינלעך, אין קלאָזעט, אויסצופּירן אונדזער אַרבעט — מיר האָבן מיטגעבראַכט אַלע אַרבעט־אינסטרומענטן. דעמאָלט איז געקומען דער שטורעם־פירער שטאַלקאָפּ. ער האָט אויסגעשריען: „מיט א שמאַטע ווילסטו, אידן־כאַזער, דו ראַבינער, רייניקן דעם קלאָזעט? טו עס מיט דיינע דרעקיקע פינגער!" מיט די בלויזע הענט האָב איך געמוזט רייניקן דעם שמוץ. שטאַלקאָפּ האָט נאָך דערפאַר פון מיר געכויזעקט און מיר געגעבן דעם נאָמען „קלאָזעט־דירעקטאָר".

צו די קלאָזעט־אַרבעטן האָט מען די אידן צוגעצויגן באַזונדערס שאַבעס. „היינט איז בא אייך ווידער שאַבעס, איה, כאַזיירים־הינט. לאָמיר אַמאָל זען, וואו אייער גאָט פון נעקאָמע איז, זאָל ער זיך פאַר אייך אָנעמען".

עס האָבן זיך דערנענטערט די גרויסע אידישע יאָנטויווים. מיר האָבן זיך געפרעגט מיט שרעק, צי די שטורמאָוויקעס ווייסן די דאַטע פון די יאָנטויווים, ווייל מיר האָבן מוירע געהאַט נאָך פאַר ערגערע פייניקונגען אין די דאָזיקע טעג. מיר האָבן זיך דערוויבער אָפּגערעדט ניט צו דערמאָנען מיט קיין וואָרט וועגן די אָנקומענדיקע יאָנטויווים. מיר האָבן אָבער ניט געקאָנט וואָרענען אונדזערע קרוווים: ניט קענענדיק די לאַגע אינעם לאַגער, האָבן

זיי אונדז געשיקט גראַטולאַציעס צום נייעם יאָר. אַזוי ווי די בריוו גייען דורך דער צענזור, האָבן זיך די שטורמאָוויקעס דער־וואוסט וועגן די יאַנטויווים, און מע האָט קיין זאַך מער ניט גע־קאָנט פאַר זיי באַהאַלטן. איך בין דאַן אַוועק צום קאָמענדאַנט פונעם לאַגער און האָב געבעטן מע זאָל אונדז אָף די יאָנטויווים באַ־פרייען פון דער אַרבעט און געבן די מעגלעכקייט אָפּצוהאַלטן אַ גאָטעסדינסט. דער ענטפער איז געווען: „אַזעלכעס איז ניטאָ".

דער ערשטער טאָג יאָנטעוו: אינדערפרי, זעקס אַזייגער, זיינען די אידן באַזונדער אַרויסגערופן געוואָרן. אין אַ שנעלן טעמפּאָ האָט מען אונדז געיאָגט איבערן הויף. פאַר אַ מיסט־גרוב האָט מען געהייסן אָפּשטעלן זיך. מיר האָבן געמוזט אַריינקריכן אינעם גרוב און דאָרט זיך אויסשטעלן. מיך האָט מען אַרויסגערופן פון דער ריי און אַוועקגעשטעלט אינמיטן פונעם גרוב. דער עלטערער פון די שטורמאָוויקעס, עווערלינג, האָט אויסגעשריען: „אַזוי, ראַבינער, קאָנסטו אָפּהאַלטן אַ גאָטעסדינסט!"

אַלץ אין מיר איז אויפגעבראַכט געוואָרן. איך האָב געשוויגן.

עווערלינג: „דו וואַקלסט זיך אויסצופירן דעם באַפעל?" „איך האַלט ניט אָפּ אין אַ מיסט־גרוב קיין גאָטעסדינסט!" עווערלינג האָט מיך אַרויסגעצויגן פון דעם גרוב — מע האָט מיך אָנגעהויבן שלאָגן מיט גומי־שטעקנס און ביקסן־קאָלבעס. אָן באַוואוסטזיין האָט מען מיך געבראַכט אין מיין בעטל. צוויי שאָ בין איך געלעגן אין אָנמאַכט.

נאָך מיטיק האָט מען אונדז געבראַכט אין דעם זעלבן מיסט־גרוב. איצט האָט מיך עווערלינג אויפגעפאָדערט האַלטן אַ פאָר־טראַג וועגן דעם אידנטום און די אַנדערע רעליגיעס.

איך האָב אָנגעהויבן:

„די אידישע רעליגיע האָט אַלס איר יעסאָד, פּונקט ווי אַנדע־רע רעליגיעס, די צען געבאָטן און דעם זאַץ פון דער ביבל: „ליב דיין מיט־מענטשן, ווי זיך אַליין!" —

דעמאָלט האָט מיר עווערלינג איבערגעריסן: „הער אויף, דו

כאוער, מיר וועלן דיר ווייזן, וואָס מע דאַרף פּאַרשטיין מיט די ווערטער: „ליבע צום מיטמענטשן!"

„דעמלט האָט מען מיך אַזוי שרעקלעך געשלאָגן, אַז איך האָב באַקומען היץ און בין קראַנק געוואָרן. מיין קערפּער איז געווען אַזוי צעשלאָגן, אַז איך האָב ניט געקאָנט ניט זיצן, ניט ליגן. אַזוי האָב איך פאַרבראַכט אַ שרעקלעכע נאַכט. אין מאָרגן אינדערפרי האָט מען מיך אין אַ שווערן צושטאַנד געבראַכט אין שפּיטאָל. דאָ בין איך געווען מיט ניט־אידישע כאַווײרים צוזאַמען, מיט סאָציאַל־דעמאָקראַטן און קאָמוניסטן, וואָס האָבן מיר מעסירעסנעפעשדיק געהאָלפן. צוויי וואָכן בין איך געבליבן אינעם שפּיטאָל. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז עטלעכע טעג לאַנג האָב איך געשוועבט צווישן לעבן און טויט".

# דאָס לעבן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן

א בילד פונעם לעבן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן גיבן אונדז די באַריכטן פון אייניקע קאָרבאָנעס פונעם היטלערישן טעראָר.

אָט איז אַ באַריכט פון זאָנענבורג:

„אָפט פלעגט פאָרקומען אַז די ניט־אידישע אַרעסטירטע האָט מען געצוואונגען צו שמייסן די אידישע אַרעסטירטע לויט אַ קאָמאַנדע.

באַזונדערס אַכזאָריעסדיק איז געווען פאָלגנדיקער פאַל:

אין אָקטאָבער 1933 איז אין לאַגער געבראַכט געוואָרן אַ קליינער אידישער פאַבריקאַנט אולמאַן פון אַלט־קאַרפּע מיט זיינעביידע זין. אַלע דריי האָט מען פיל מאָל שרעקלעך געשלאָגן. מע האָט ספּעציעל אויסגעטיילט אַרעסטירטע, וועלכע מע האָט געצוואונגען זיי צו שלאָגן, בעיים די באַנדיטן די שטורמאָוויקעס, זיינען געשטאַנען דערביי און געמאַכט כויזעק. איינמאָל אין אָוונט איז איינער פון אולמאַנס זין אומגעפאַלן בעיים דער מיליטערישער מושטרע. לויט אַ קאָמאַנדע פון דעם שטורמאָוויק אַדריאַן האָבן אייניקע אַרעסטירטע געמוזט אויסקשלעפּן דעם האַלב־אָנמעכטיקן

אולמאַן צום ברונעם, דאָרט באַגיסן אים מיט קאַלט וואַסער און רייבן דעם פאַרוואונדעטן קערפּער מיט אַ באַרשט.

אָפט פלעגן די שטורמאָוויקעס באַפאַלן אולמאַנס זין באַנאַכט אין בעט, ארויפוואַרפן זיי די קאָלדרע איבערן קאָפּ און זיי האָמאָ־סעקסועל פאַרגוואַלדיקן.

איינער פון די שאַנד־יונגען, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם, איז דער סאַניטאַר גאַסטער. דעם דאָזיקן מענטשן זיינען דאָס אָנגעטרויט די קראַנקע אַרעסטאַנטן. געטריבן צו פאַרצווייפלונג דורך דעם דאָזיקן מאַרטירערטום, האָט זיך איינער פון אולמאַנס זין געעפנט די אָדערן. וואָס די דריי מענטשן האָבן אויסגעהאַלטן, נאָר דערפאַר וואָס זיי זיינען אידן, קאָן מען ניט באַשרייבן. כאָ־דאָשים לאַנג זיינען דער פאָטער און די זין געלעגן שווער פאַר־וואונדעטע פון די קלעפּ, אין לאַזאַרעט. דעם 31־טן יאַנואַר 1934, ווען איך האָב פאַרלאָזן דעם לאַגער, איז דער אַלטער 67־יאָריקער מאַן נאָך געלעגן אין לאַזאַרעט.

אַן אַנדער פאַל, איז דער פאַל מיט וויינבערגער. וויינבערגער איז געווען אַזוי צעמיימעסט, אַז מע האָט אַכטונג געגעבן, קיינער פון די לאַגער־אַרעסטאַנטן זאָל אים ניט זען.

שרעקלעך זיינען אויך געווען די פּייניקונגען פון דעם אידישן אַרעסטאַנט לאַנדמאַן פון קיסטרין. דאָס איז געווען אַ קליין, שוואַך הויקערדיק מענטשל. די שטורמאָוויקעס האָבן פאַרפאָלגט דעם דאָ־זיקן אומגליקלעכן מיט צינישן שפּאָט און בויזעק. אָפט פלעגן זיי אים באַפאַלן, ארויפזעצן אים אַן עמער אפן קאָפּ, אָנבינדן אים א קאָנסערוון־פּושקע אַלס אַ באַראַבאַן ארום דעם בויך און שטעלן אים פאַרן פראָנט פון די מאַרשירנדיקע שוץ־אַרעסטאַנטן, וואו ער האָט געמוזט אויספּויקן דעם טאַקט צום מאַרש".

## דאַכאַו

פון אַ סאַך באַריכטן קאָן מען זען, אַז ניט וואָס די אידן מוזן אַד־בעטן שווערער פאַר אַלעמען, נאָר זיי פּייניקט מען אויך ערגער פאַר אַלע. אינעם לאַגער דאַכאַו האָט זיך די וואַך־מאַנשאַפט באַזונדערס אָנ־

געלייגט אַף די אידישע אינטעליגענטן: דר. קאַץ, אדוואָקאַט דר. ראָזענ־פעלדער, דר. בראון. דעם אַרעסטאַנט דר. ראָזענפעלדער האָבן די שטור־מאָוויקעס ארויפגעזעצט אַפן קאָפּ אַ דערנער־קרוין. ער האָט אַזוי גע־מוזט מאַרשירן פאַר די אַרעסטאַנטן און אַף באַפעל זינגען אַלערליי לי־דער.

אַן איידעס, וואָס האָט דאָס צוגעזען, דערציילט:

„די שטורמאָוויקעס האָבן זיך געמאַכט אַ געוואוינהייט, פּיי־ניקן יעדן אידן גלייך באַ זיין אָנקומען אין לאַגער. האַרט לעבן אונדזער באַראַק איז געווען דער באַראַק פון די אידן. אָפּטו פלעגן מיר באַנאַכט הערן געשרייען. מיר האָבן געוואוסט: איצט זיינען די זיכערהייטס־לייט געקומען פון אַ הוליאַנקע, זיי טרייבן ארויס די אידישע אַרעסטאַנטן פון די בעטן, שלאָגן זיי אָן אויפהער, פון ריינער לוסט צו פּייניקן".

אין נירנבערג און אין מיטל־פראַנקען — שטרייכערס „מוסטער־לאַנד" — איז דער גרעסטער טייל אידן אַרעסטירט געוואָרן. דערביי שטרייכן אונטער אַלע איידעס, אַז די אַרעסטירטע אידן זיינען מערסטנ־טייל געווען אָנגעשטעלטע, האַנטווערקער, מענטשן פון מיטלשטאַנד און קאָמיוואָיאַזשאָרן, אין דער צייט, ווען די פאַרמעגלעכע אידן האָט זיך אָפּט איינגעגעבן אויסצוקויפן זיך פון די זיכערהייט־לייט און שטורמאָ־וויקעס מיט נאַציאָנאַלע נעדאָוועס".

די אידישע אַרעסטאַנטן, וועלכע מע פלעגט ברענגען אין לאַגער, האָבן אָפּט געדינט אַלס אָביעקטן פון עקספּערימענטן פאַר ראַסן־פאַר־שונג.

אַ שטייגער, אין דאַכאַוער קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט דער אידי־שער סויכער שיינוואַלד פון ראָזנהיים באַ מינכען שטענדיק געמוזט זיך לאָזן פאָטאָגראַפירן פון „וויסנשאַפטלעכע" פאָטאָגראַפן, וואָס האָבן באַ אים געוואָלט געפינען דעם „טיפּיש אידישן בליק". שיינוואַלד האָט קינד־ווייז דורכגעמאַכט אַ געהירן־אָנצינדונג. ער האָט געשיקלט מיט די אויגן און איז געבליבן הינטערשטעליק אין זיין אַנטוויקלונג. אים האָט מען דאָס אויסגעקליבן פאַר אַ ריכטיקן ביישפּיל פאַר דער נאַציאָנאַל־סאָציאַ־ליסטישער „ראַסן־פאָרשונג"...

שטראָף־מושטרע, רייניקן קלאָזעטן א.א.וו. — דאָס ווערט אין אַלע לאַגערן און טורמעס אין דער ערשטער ריי אָנגעווענדעט בענעגייע אידן.

אין בראַנדענבורג פּרוואווט מען אינעם לאַגער סיסטעמאַטיש שאַפן אַ פּאָגראָם־שטימונג. די אידן ווערן געצוואונגען צו דעקלאַמירן לידער, ווי די פאָלגנדיקע:

„מיר, אידן, זיינען די גרעסטע כאַזיירים!
מיר זיינען די גרעסטע פאָלקס־אָפּנאַרער!
ווער איז שולדיק אין דער סרייפע פונעם רייכסטאַג?
נאָר מיר, אידן!
אין אונדזערע ביכער שטייט געשריבן,
אַז יעדער בעסערער ניט־איד מוז געהאַרגעט ווערן!
פאַר יעדן שטורמאָוויק, וואָס מיר האָבן געהאַרגעט,
באַקומען מיר באַצאָלט הונדערט מאַרק מעזומען,
וואָס מיר גיבן אויס אַף שאַמפּאַניער און וויין,
און דערפאַר מוז לײַדן דאָס אָרעמע פאָלק!"

## די מאָרדן אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן

אין לאַגער דאַכאַו זיינען אין די ערשטע כאַדאָשים פונעם יאָר 1933 דערמאָרדעט געוואָרן 60 אידן.

ווען די דאָזיקע מאָרדן זיינען פאָרגעקומען, שילדערט איינער, וואָס איז אַנטלאָפן פון דאַכאַו:

„אין סעפּטעמבער 1933 איז דער אַרעסטירטער דר. קאַץ פון נירנבערג, וואָס האָט אין שפּיטאָל געהאָלפן דעם דאָקטער, פלוצלינג אָפּקאָמאַנדירט געוואָרן אין דער שטיין-גרוב. איך האָב שאָען־לאַנג אליין געזען, ווי מע האָט דאָרטן דעם דר. קאַץ געפּייניקט. ער האָט געאַרבעט מיט אַ האַק און אַ לאָפּעטע. ער האָט געהאַט אַ ספּעציעלן אויפזעער אַ שטורמאָוויק. יענער האָט קאַצן געטריבן שטענדיק צו אַרבעטן נאָך געשווינדער. דער 55־יאָריקער מענטש האָט פון מיד־קייט קוים געקאָנט הויבן די לאָפּעטע. פונדעסטוועגן האָט מען אים נאָכאַנאַנד מיט זידלערייען און כויזעק אונטערגעטריבן.

אזוי האָט עס געדויערט צוויי טעג. איך האָב דעמאָלט געזאָגט דעם דר. קאַץ:

„זיי פּאַרזיכטיק, איך רעכן, אַז זיי ווילן דיך פּראָוואָצירן און דעמאָלט לאָזן גיין אין שטענצערס וועג. דו ווייסט צופיל וועגן די געשעענע גרויזאַמקייטן!״

דר. קאַץ האָט געמיינט, אז ער האָט ניט וואָס מוירע צו האָבן. ער האָט געמיינט, אז עס האלט באַם באפרייען אים איינגיכן, און דעריבער וויל מען אים אפריער נאָך עטוואָס פּייניקן.

אין אָנהויב אָקטאָבער האָט מען קאַצן פּלוצלינג אוועקגעפירט אין דער שטראָף־קאַמער, מיט אים צוזאַמען די ארעסטירטע אַלט־מאַן און ווילי פראַנץ. אַלס מאָטיוו איז אָנגעגעבן געוואָרן קלוי־מערשט א פּרואוו דורכצושמוגלען נאָטיצן.

אין א טאָג ארום האָבן אַלע אירן געמוזט גיין אָפּגעזונדערט. מע האָט זיי געפירט אַף דעם מושטרע־פּלאַץ און מע האָט זיי דעם גאַנצן פארמיטיק געפּייניקט אומגעהערט. עס זיינען געווען בא 60 מאַן.

צוערשט האָבן זיי געמוזט, — איך האָב דאָס אליין צוגעזען, — פיל מאָל קריכן אינעם שמוץ, וואָס האָט זיך געפונען באַם אריינגאַנג אפן פּלאַץ, ביזוואַנען זייערע קליידער זיינען באדעקט געוואָרן אינגאַנצן מיט שמוץ. ווער ס'איז ניט געקראָכן גאַנץ הארט בא דער ערד, אַף דעם פלעגן די שטורמאָוויקעס ארויפשפּרינגען און טרעטן אים מיט די פיס אָדער שלאָגן מיט בייטשן. דעם נירנבער־גער אדוואָקאַט דאָקטער ראָזנפעלדער האָט מען נאָך די דאָזיקע „קריך־געניטונגען״ אוועקגעטראָגן פון פּלאַץ אין דער שטראָף־קאַ־מער. בעיים דעם דאָזיקן פּייניקן די אידישע געפאַנגענע האָבן צוויי זיכערהייטס־סאַניטאַרן ארויסגעטראָגן דריי טויטע פון דער שטראָף־קאַמער. דער ערשטער איז געווען א דיקער מענטש. איך האָב זיך דערנאָך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען ווילי פראַנץ. בעיים מע האָט געטראָגן דעם צווייטן, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו דערנענטערן זיך צו די טרעגער. איך האָב זיך דערוואוסט, אז דאָס איז, — ער איז געווען צוגעדעקט מיט א וואָלענער קאָלדרע, —

דר. קאץ, ער האָט זיך אין ארעסט אויפגעהאנגען. דעמאָלט זיינען די סאניטארן געקומען צום דריטן מאָל און האָבן ארויסגעטראָגן אן אנדער טויטן פון דער שטראָף־קאמער".

ווי עס ווייזט זיך ארויס פון דער פאָלגנדיקער שילדערונג, זיינען בעיים די דאָזיקע מאָרדן אָנגענומען געוואָרן באזונדערע זיכערונג־מאָס־מיטלען:

„איין אָדער צוויי טעג פאר דעם הימלפארט־יאָנטעוו, אין 1933 בין איך געגאנגען מיט אנדערע ארעסטאנטן אינעם לאגער. פלוצים האָט זיך דערהערט די סירענע. איר רוף האָט באטייט: „אלע אין די באראקן". דאָס איז געווען ארום 10 אזייגער אינ־דערפרי.

מיר זיינען געזעסן צוזאמענגעפרעסט, מיר האָבן ניט געטאָרט צוגיין צו די פענצטער, און מיר האָבן ניט געוואוסט, וואָס עס איז פאָרגעקומען. מיר האָבן נאָר געהערט, אז אין דרויסן איז אלארמירט געוואָרן די פייערלעשער־קאָמאנדע פונעם לאגער, וואָס באַשטייט פון ארעסטאנטן. ביז איינס אזייגער האָבן מיר וועגן קיין זאך ניט געוואוסט. די ארבעט־קאָמאנדעס האָט מען אויך צוריקגע־טריבן אין די באראקן. מיטיק־צייט, ווען מע האָט אונדז דערלויבט ארויסצוגיין, האָט אלץ אויסגעזען אין אָרדענונג.

אָבער די כאַווערים פייערלעשער האָבן אונדז דערציילט שטי־לערהייט, אז נאָך דעם אליארם האָט מען זיי אריינגעפירט אין איינעם פון די ליידיק־שטייענדיקע באראקן. דאָרטן זיינען געלעגן 4 דערהארגעטע, שרעקלעך צעקאליעטשעטע אידן, וועלכע זיי האָבן געמוזט באגראָבן בא דעם מויער.

בעיים מיר זיינען אלע נאָכדעם געגאנגען צו דער ארבעט, האָבן מיר געציילט די בערגלעך בא דעם מויער. יאָ, פיר נייע קוואָ־רים זיינען צוגעקומען! אין אָוונט האָט קיינער פון אונדז ניט גע־קאָנט איינשלאָפן. מיר האָבן געזען פאר זיך די דערהארגעטע און זייערע מערדער. אין רעשום פון די דאָזיקע מערדער זיינען מיר אויך געווען".

# געטריבן צום זעלבסטמאָרד

אין דער דאָזיקער אַטמאָספער פון פיין און פּין מענטשלעכע דער־נידעריקונגען, וואָס האָבן צו זיך קיין גלייכן ניט, האָבן פאַרשיידענע אידישע אַרעסטירטע בעסער געוואָלט מאַכן אַ סאָף צו זייער לעבן. אין אַ סאַך פאַלן קאָן מען ניט פעסטשטעלן, אַף וויפל אַזאַ זעלבסטמאָרד איז פאַקטיש געווען פּריוואַטע אָדער אַ בעסטיאַלישער נאַציאָנאַל־סאָציאַ־ליסטישער הענקער האָט דערביי צוגעלייגט אַ האַנט. צום ביישפּיל, עס איז קלאָר דערוויזן געוואָרן, אַז דער זעלבסטמאָרד פונעם שרייבער עריך מיזאַם איז געווען ניט פּריוואָוויליק.

מיר ווילן ברענגען נאָר פאָלגנדיקן פאַל פונעם זאַנענבורגער קאָנ־צענטראַציע־לאַגער:

„עס איז געווען אין סעפּטעמבער, ווען אייניקע זיכערהייט־לייט האָבן טריאומפירנדיק געבראַכט צו שלעפּן אַ אידישן סוחר מיט זיינע ביידע זין אין זאַנענבורגער לאַגער. דער פאָטער איז גע־ווען אין די 50־קער יאָרן און די ביידע זין אין די 20־ער און 30־ער יאָרן. מאָמענטאַל האָט זיך צווישן די שטורמאָוויקעס פאַרשפּרייט די ידיעה: „דריי אידן כאַזיירים האָט מען געבראַכט! מיר ווילן זיי פאַרטיק מאַכן!"

דעם ביז גאָר איבערגעשראָקענעם פאָטער האָט מען געבראַכט מיט זיינע ביידע זין צוערשט אין דער „אויפנעם־ביוראָ". דאָרטן האָבן די צופעליק־בייגעוועזענע אַרעסטירטע געהערט, ווי מע האָט די דריי אידן שוין אָנגעזאָגט, אַז אין זאַנענבורג דערוואַרטן זיי „אַלערליי פיינע זאַכן". אַרעסטירטע, וואָס האָבן דעמאָלט אפן הויף פונעם מיזרעך־פליגל געזען, ווי מע האָט די דריי אידן אָפּ־געפירט אינעם פייניקונג־קעלער פונעם מיזרעך־פליגל, האָבן גענוי פעסטגעשטעלט, אַז אַלע דריי זיינען נאָך געווען פולקאָם געזונט.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט, ווי מע האָט דערהערט פון די קעלערן פונעם מיזרעכדיקן פליגל פאַרצווייפלטע געשרייען און רופן נאָך הילף. אַן אָטריאַד שטורמאָוויקעס, אונטער דער אָנפירונג פו־נעם הענקער אדריאַן, באַוואָפנט מיט גומי־שטעקנס און שטיקער

איין, האָט זיך א לאַנג געטאָן דורכפירן די אינקוויזיציע־פייניקונגען איבער די דריי אידן, וואָס זיינען געלעגן אין איינצל קאַמערן. מע האָט זיי אָן ראַכמאָנעס געשלאָגן. כאָטש מע האָט געהאַלטן די טירן שטרענג פאַרשלאָסן, האָט זיך דער געשריי פון די געפייניקטע גע־הערט איבער גאַנצן מיזרעך־פליגל און אין הויף. אין א קורצער צייט אַרום האָט מען די דריי געשלאָגענע אידן גערופן אין קאַמער, וואו מע האָט זיי געגעבן זייער אַרעסטאַנטן־קליידונג, די קאָלדרעס און די קיילים צום עסן. איינער פון די אידן, — דאָס איז געווען דער פאָטער, — איז אָבער שוין געלעגן שווער פאַרוואונדעט אויף דער פאָדלאָגע פון זיין קאַמער. ער האָט זיך ניט געקאָנט אויפהויבן און האָט אויך דעריבער ניט געקאָנט גיין אין קאַמער. די קליידער האָט מען אים געמוזט ברענגען. דיביידע פולקאָס צעמאַזיקטע זין האָבן געהאַט אָפענע וואונדן אין קאָפּ, אויפן פּאָנעם און אויף די הענט. די קעפּ זיינען געווען אַזוי געשוואָלן, אַז די אַרעסטירטע, וואָס האָבן זיי געזען א קורצע צייט פריער, האָבן די בעסטיאַליש־צעמיימעסטע מענטשן שוין ניט געקאָנט דערקענען.

ווען איינער פון די ביידע זין איז אָנגעקומען אין דער קאַמער צו באַקומען די קליידער, האָט ער געבעטן א שטורמאָוויק, מע זאָל אים דערלויבן זיך זעצן. דער דאָזיקער שטורמאָוויק, א ברוטאַלער סאַדיסט, וואָס איז איבער זיין ברוטאַלקייט באַשטימט געוואָרן פאַר א פירער פון אן אָטריאַד, האָט דעם געשלאָגענעם אידן גע־זאָגט: „וואָס, זעצן ווילסטו זיך, דו, אידן־כאַזער?" דערמאָלט האָט ער אַרויסגענומען זיין גומי־שטעקן און האָט בעסטיאַליש געשלאָגן דעם פולקאָס אָפּגעשוואַכטן און שוין צעמאַזיקטן. דער איד איז געפאַלן אויף דער ערד. געפאַנגענע האָבן געמוזט צושנײַדן און אים אָפּמינטערן מיט וואַסער. דער שטורמאָוויק האָט ווייטער גע־שלאָגן. די פּראָצעדור איז פאַרגעזעצט געוואָרן אַזוי לאַנג, ביז דער איד האָט ווידער אויפגעעפנט די אויגן, און דערמאָלט, געשטיצט אויף איניקע געפאַנגענע, האָט מען אים ווידער געבראַכט אין זיין קאַ־מער. זיין ברודער אויך א שרעקלעך־צעמיימעסטן, איז מען אין

דער קאַמער אויך באַפאַלן מיט קלעפּ און מע האָט אים געשלאָגן אַזוי, אַז ער האָט זיך קוים דערשלעפּט אין זיין קאַמער.

אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַ גרויזאַמע סצענע. די דריי אידישע געפאַנגענע האָבן געמוזט אַרום 8 אַזייגער צוזאַמען מיט די איבעריקע „אַרעסטאַנטן" (ד.ה. די ניי־געבראַכטע) קומען אַפן מיזרעך־הויף, כאָטש זיי האָבן זיך קוים געקאָנט האַלטן אַף די פיס. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילדע פיניקונג. מע האָט זיי געיאָגט און געטריבן אַרום פּלאַץ אין אַ מעשוגענעם לויף. דער שטורמאָווויק אדריאַן און איניקע אַנדערע בעסטיעס פון די שטורעם־אָטריאַדן האָבן געשלאָגן מיט פויסטן און גומי־שטעקנס די געפאַנגענע. צענדליקער מאָל האָט מען קאָמאַנדעוועט: „לייגט זיך — אויפהויבן זיך! מאַרש, מאַרש!" דער שטורמאָווויק אדריאַן האָט געזידלט די אידן: „דו, אידן־כאַזער, האַסט באַליידיקט דייטשישע אַרבעטער!" די געפייניקטע האָבן אָנגעהויבן פאַלן אין כאַלאָשעס. די געכאַלעשטע האָט מען געשלעפּט צו דער פּאָמפּע און באַגאָסן מיט וואַסער. אדריאַן אַליין איז דערביי געשטאַנען און האָט די געכאַלעשטע געמינטערט מיט פּעטש. מע האָט זיי צוגעהאַלטן די נאָז, קעדיי זיי זאָלן דאַרפן הוסטן און אַזוי אַרום גיכער קומען צו זיך. ווען זיי האָבן אויפגעעפנט די אויגן, האָט דער סאַדיסטישער הענקער טריאומפירט: „זעסטו, דער אידן־כאַזער איז ווידער מונטער", און שוין האָט ווידער געקלונגען די קאָמאַנדע: „שטיל־געשטאַנען, לויף־שריט, מאַרש, מאַרש!" איניקע צענדליק מעטער האָבן די געפייניקטע באַוויזן צו לויפן און דאַן זיינען זיי ווידער געפאַלן אָנמעכטיק אַף די שטיינער. ווידער האָט זיך אָנגעהויבן די פּראָצעדור פונדאַסניי. אונטער דער פּאָמפּע, צוגעהאַלטן די נאָז, געגעבן פּעטש און אַזוי אָן אַ סאָף, ביז די געפייניקטע זיינען ווידער געקומען צו זיך. די דאָזיקע פּראָצעדור האָט זיך איבערגעכאַזערט 6 מאָל.

נאָכדעם ווי מע האָט אין אָוונט געבראַכט די געפייניקטע אידישע געפאַנגענע און אַנדערע אַרעסטירטע אין זייערע אַרעסט־קאַ־

מערן, נאָך אַ פּייניקונג, וואָס האָט געדויערט אַנדערהאַלבן שע
האָט זיך אין די קאַמערן אָנגעהויבן אַ נייע פּייניקונג.

ווען עס איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס פייער, זיינען איינ
שטורמאָוויקעס אוועק אין קאַמער פון דעם אינגסטן פון די צ
מיימעסטע אידישע געפאַנגענע. נאָך אומדערהערטע סאַדיסטיש
באַזערייען, וועלכע די שטורמאָוויקעס האָבן אָפּגעטאָן מיט דע
אידישן יונגנמאַן, האָבן זיי אים אַרויפגעוואָרפן אַ קאַלדרע איבער
קאָפּ און אים האָמאָסעקסועל פאַרגוואַלטיקט.

אין דער זעלבער נאַכט האָבן די אַלע דריי אידישע אַרעסטיר
טע, דער פאָטער און זיינע ביידע זין, געפרואווט באַגיין זעלבסט
מאָרד. איינער האָט זיך געפרואווט אויפהענגען, די אַנדערע צווי
האָבן געפרואווט עפענען זיך די אָדערן. אין דער לעצטער מינוי
האָט מען זיי געשטערט".

## קיין זאַך איז ניט גענוג בעסטיאַליש

די דאָזיקע שילדערונגען וואָלט מען געקאָנט פאָרזעצן אָן אַ סוף
אין יעדן באַריכט, וואָס קומט אָן קיין אויסלאַנד, ווערט שטענדיק דער
ציילט ווענן די זעלבע ראַפינירטע סאַדיסטישע פּייניקונג־מעטאָדן: איד
מוזן זיך איינער דעם אַנדערן באַשפּייען, באַשמירן מיט קויט (מיטיילו
גען אין דאַכאַו). „אונדזערע פענעמער זיינען שוין געווען געשוואָלן, ד
אויגן אונטערגעהאַקט, און דאָך האָט צו דעם שלאָגן ניט גענומען קיי
סאָף! איניקע עלטערע אידן זיינען געלעגן אָנמעכטיק אַף דער ערד. מינ
פיס־קלעפּ האָט מען זיי ווידער געבראַכט צו זיך", — דערציילט איינע
וואָס איז אַרויס פון בראַנדענבורג. אין בראַנדענבורג איז אויך געווע
איינגעפירט אַ ספּעציעלע אידן־פּריזור. מע פלעגט אָפּגאָלן די אידן
האַלבן קאָפּ, ווי מע פלעגט עס טאָן אין צארישן רוסלאַנד מיט די קאַ
טאָרזשניקעס. אין קאָנצענטראַציע־לאַגער עסטערוועגען האָבן די שטור
מאָוויקעס געצוואונגען דעם צעקאַליעטשעטן אידישן האָטעל־איינגטימער
סימאָן פרוינד פון אויבערשלעזיע אַריינצוגיין באַנאַכט אין אַ באַסיין
פול מיט אייז־קאַלט וואַסער. אַ איד, וואָס האָט געמוזט שלעפּן שווער

רערן, האָט באַקומען קלעפּ מיט די ביקסן־קאָלבעס, ביז וואַנען מע האָט אים צעבראָכן אַ ריפּ, — און דאָך האָט ער געמוזט ווייטער אַרבעטן. די זעלבע באַריכטן זיינען פאַראַן פון זאַנענבורג, פון פּאַפּענבורג, פון קעניגשטיין, פון ליכטענבערג, פון האָנשטיין א. א. וו.

# אַ ליבע־פּאָר ווערט געטריבן צום טויט

אין אָקטאָבער 1935 איז קיין אויסלאַנד אָנגעקומען אַ דערשיטערנ־דיקער בריוו פון די קרוייווים פון אַ יונג ניט־אידיש מיידל פון דער זאַק־סישער אינדוסטריע־שטאָט מעעראַן. די קרוייווים האָבן מיטגעטיילט, אַז דאָס יונגע מיידל ליגט שווער פאַרוואונדעט אין שפּיטאָל, נאָכדעם, ווי מע האָט זי געהאַט איינגעזעצט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, ווייל זי האָט אונטערגעהאַלטן באַציאונגען מיט אַ אידן. דער דאָזיקער יונגערמאַן, זון פון דעם פאַבריקאַנט ווערטהיים, איז פון די שטורמאָוויקעס דערהאַר־געט געוואָרן. נאָך דורך אַ צופאַל איז באַוואוסט געוואָרן די דערמאָרדונג פון דעם יונגנמאַן און די לעבנס־געפערלעכע קריינקייט פון דעם מיידל. אין דעם בריוו ווערט דערציילט:

„אין די לעצטע אויגוסט-טעג האָט זיך אין אונדזער שטאָט אָפּ־געשפּילט אַ שרעקלעכע טראַגעדיע, וואָס האָט טיף אויפגערעגט אַלע, וועלכע האָבן זיך וועגן איר דערוואוסט; מיין אייגענע פאַמיליע איז שווער געטראָפן, ווייל אַ נאָענטע קרוייווע מיינע ליגט אין שפּיטאָל, און מיר האָבן מוירע, אַז זי וועט ניט אַרויסקומען אַ לעבעדיקע פון דאָרטן. און זי איז נאָך אַזוי יונג. איינמאָל האָט טען זי פּל.וצעם אַרעסטירט, און מיר האָבן אַ לאַנגע צייט פון איר גאָרנישט ניט גע־הערט אַזוי ווי זי איז געווען אינגאַנצן אַפּאָליטיש, זיינען מיר גע־שטאַנען פאַר אַ רעטעניש. קורץ פאַר איר אַרעסט איז אינעם „שטירמער" קאַסטן געווען אָפּגעדרוקט איר בילד ווייל זי געווען שוין יאָרן-לאַנג באַפריינדעט מיט דעם זון פון דעם היגן פאַבריקאַנט וו. אַזוינע ביל־דער פון אַנדערע פרויען זיינען שוין פיל מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן, אָבער אַזוי ווי די דאָזיקע פאַרעפנטלעכונגען באַזירן מערסטנטייל אַפן שאַנטאַזש פון עקלהאַפטע עלעמענטן, און אין אונדזער שטאָט (דאָ

וואוינען זייער פיל אַרבעטער) האָט די „שטירמער"-באַנדע ניט קיין דערפאָלג, האָט מען דעם דאָזיקן שמוץ ניט צוגעגעבן קיין באַדײַטונג.

נאָך לאַנגע באַמיאונגען האָט מײַנע קרויווים ענדלעך זיך איינ־געגעבן צו דערווויסן, אַז דאָס יונגע מיידל געפינט זיך אין קאָנצענ־טראַציע-לאַגער, און אין א קורצער צייט אַרום האָבן זיי זיך דער־וואוסט, אַז זי איז אין שפּיטאָל. באַזוכן די קראַנקע האָט מען ניט דערלויבט. דעמאָלט איז פּלוצלינג אַראָפּגענומען געוואָרן דער אַרעסט, ווייל מײַן קרויווע איז לעבנס-געפערלעך קראַנק געוואָרן; זי איז גע־לעגן באַנדאַזשירט אין בעט און האָט קוים-קוים געקאָנט ריידן. זי איז געוועזן אין לאַגער, דאָרט האָט מען זי שרעקלעך געשלאָגן און געפּייניקט, זי האָט אַפילו געמוזט אונטערשרייבן אַ דערקלערונג, אַז מע האָט זי „גוט באַהאַנדלט" און האָט אויסער דעם געמוזט אונטער־שרייבן אַ פּראָטאָקאָל, וואו עס ווערט געגעבן אָנגעוויזן, ווען און ווי זי איז באַגאַנגען „ראַסן-שאַנדע".

אין דער צייט ווען דאָס מיידל איז געלעגן אין שפּיטאָל, איז איר פרײַנט, וועלכן מע האָט דערמאָרדעט אין קאָנצענטראַציע-לאַגער, באַ־גראָבן געוואָרן אפן היגן בעסוילעם פון דער אידישער געמיינדע. אף דער לעוואַיע פון דעם דערהאַרגעטן זיינען געוועזן פיל מענטשן. איך האָב אַליין געזען, ווי פיל מענטשן האָבן באַזוכט דעם בעסוילעם אין טאָג פון דער לעוואַיע; מע האָט זיך אָנדערציילט שרעקלעכע זאַכן וועגן די פּייניקונגען, וואָס דער יונגערמאַן איז אויסגעשטאַנען. מע האָט אים די פיס געבונדן, אף דער ערד געוואָרפן און געקייקלט. אפן שטייניקן ברוק ווי אַ שטיק האָלץ. דער יונגער זון פונעם אידישן פאַבריקאַנט איז פון דער פּייניקונג אין לאַגער געשטאָרבן, און מײַן קרויווע, אַן אַריערן, ליגט טויט-קראַנק אין שפּיטאָל, און מיר האָבן מוירע, אַז זי וועט פון דאָרטן ניט אַרויסגיין".

ווי אַזוי איז געקומען צו דער דאָזיקער טראַגעדיע פון דער יונגער פּאָר? דאָס קאָנען מיר זען פון אַ נאָטיץ אינעם בריוו-קאַסטן פונעם „שטירמער" נומ. 37, יאַנואַר 1935:

„מ ע ר א ן : דער אידישער האַנדל-געהילף ווילי ווערטהיים וואָס וואוינט אין גראָטענלינדער-שטראַסע 57 אין מעראַן, אונטער־

האַלט מיט דער דייטשישער שטיקערן שאַרלאָטע אנערט ראַסן-שענדערי-
שע באַציאונגען. די עלטערן פונעם מיידל, וואוינען אין דער גראָטענ-
לײדער-שטראַסע 26. זיי זיינען איינשטימיק מיט דעם אויסוואל פון
זייער טאָכטער. די אויפירונג פון דעם אידן און פון זיין דעגענע-
רירטער פריינדן רופט אַרויס שוין לאַנג ענטפּלעכן צאָרן".

# טעראָר אָן אַ גרענעץ

דעם 27־טן סעפּטעמבער 1935 האָט דער „מאַנטשעסטער גאַרדיאַן
אויקלי" פאַרעפנטלעכט אַ ספּעציעלע מיטיילונג וועגן דער לאַגע אין די
דייטשישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. דער מיטיילער דערקלערט, אַז אויב
מע זאָל ניט רעכענען „איין אָדער צוויי קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואָס
ווערן באַנוצט אַלס „מוסטער" צו ווייזן די אויסלענדער, איז די לאַגע
שרעקלעכער, איידער ווען־עס־איז פריער. באַזונדערס גרויזאַם איז די לאַ־
גע פון די געפאַנגענע אין דאַכאַו. אַ סאַך געפאַנגענע געפינען זיך שוין
צוויי האַלב יאָר אין דאַכאַו. אָן וואָסער־עס־איז מאָטיוו זעצט מען אריין
געפאַנגענע אין די שטראָף־קאַמערן („בויקערס"), וואָס זיינען טיילווייז
האַלב פינצטער, טיילווייז אינגאַנצן פינצטער. די קאַמערן זיינען ניט גע־
הייצט. צוויי געפאַנגענע זיינען דאָרטן דערפראָרן געוואָרן. איינִיקע גע־
פאַנגענע זיינען זיבן כאַדאָשים לאַנג געווען פאַרשפאַרט אין די דאָזיקע
בונקערס. דאָס לעבן אין די דאָזיקע קאַמערן איז אַזוי שרעקלעך און די
דויערנדיקע פּייניקונגען אַזוי אומענטשלעך, אַז פיל זיינען געשטאָרבן פון
די פּלאָגן. די, וואָס זיינען געבליבן לעבן, קערן זיך אום פון די שטראָף־
קאַמערן אַלס אינוואַלידן, וואָס מע קאָן שווער דערקענען. די באַהאַנדלונג
פון די אידישע געפאַנגענע אין דאַכאַו איז באַזונדערס שרעקלעך, פריער
פאַר אַלץ פון די, וואָס קומען פונעם געביט, וואו שטרייכער איז „קעניג".
17 אידן זיינען געקומען פונעם דאָזיקן באַצירק קיין דאַכאַו — פון זיי
זיינען נאָר דריי אַרויס אויף דער פריי, 5 געפינען זיך נאָך דאָרטן און 9
זיינען געטריבן געוואָרן צום טויט. איינִיקע פון די אַרעסטירטע זיינען
אַזוי ברוטאַל אומגעבראַכט געוואָרן, אַז מע האָט ניט געקאָנט לאָזן באַ־
קוקן זייערע קערפּערס".

„מאַנטשעסטער גאַרדיאַן אויקלי” ענדיקט זיין דערשיטערנדיקע מיטיילונג מיט א רעשימע פון טויטע. דאָס בלאַט שרייבט, אז די דאָזיקע רעשימע קאָן ניט זיין פולקאָם: נאָר א ברוכטייל פון די נעמען פון די דערהאַרגעטע אָדער צום זעלבסטמאָרד־געטריבענע ווערט באַוואוסט, און דאָס אויך אָפט כּאַדאָשים און יאָרן־לאַנג נאָך דער דערמאָרדונג.

די רעשימע רעכנט אויס 85 דערהאַרגעטע אידן און 50 וואָס זיינען „באַגאַנגען זעלבסטמאָרד” אין דער צייט פון אַפּריל 1933 ביז אָקטאָבער 1935 נאָר אין אייניינציקן קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין דאַכאַו.

# דאָס אַנדערע דייטשלאַנד

„עס איז שווער צו באַגרייפן, ווי אַזוי עס געפינען זיך נאָך היינט אַזויגערופענע דייטשן, וואָס קימערן זיך וועגן אידן... טייל „דייטשישע" צייט־כאַוויירים מיינען „עס זיינען פונדעסטוועגן פאַראַן אויך ערלעכע אידן!"... אַ מענטשן וואָס רעדט אַזוי, דאַרף מען ערשט אַ זעץ געבן... ווי עס געהער צו זיין אין מאָרדע!"

אַזוי שרייבט דער „שטירמער" (נומ. 1, יאָרגאַנג 1934).

ווי דאָס פויקן פון אַ קעסלפויק, גייט יאָרן־לאַנג די אידן־העצע דורך גאַנץ דייטשלאַנד. די שילדערונגען, וואָס מיר האָבן געבראַכט אין דעם בוך, באַווייזן דאָקומענטאַל, אַז קיין שום מיטל איז ניט צו גראָב, קיין ליגן איז ניט צו נידערטרעכטיק, קיין גוואַלדטאַט איז ניט גענוג אומפאַר־שעמט, אויב ער דינט דעם צוועק — דער אויסראָטונג פון דער אידי־שער באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד. אָבער דער דאָזיקער בוך וואָלט געוועזן ניט פולקאָם, ווען ער זאָל ניט דערציילן וועגן די מיליאָנען דייטשן, וואָס ווערן אונטערדריקט פונעם יאָך פון דער ברוינער דיקטאַטור און וואָס ווערן זיך קעגן איר, כאָטש זיי דראָעט די העכסטע לעבנס־געפאַר.

נאָר דער, וואָס גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג דערפון, ווי דאָס לעבן און די פרייהייט פון יעדן איינצלנעם אָפּאָזיציאָנעלן דייטש איז איצט אונ־טערגעוואָרפן דעם ווילקיר פון דער געהיימער מעלוכע־פּאָליציי — נאָר דער קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס עס באַדייט, ווען עס געפינען זיך אין אַלע טיילן פון דייטשלאַנד מענטשן, וואָס באַווייזן מיט טאַטן, אַז זיי־

נעמען אויף די אָפיציעלע פּאָגראָם־פּאָליטיק אַלס קולטור־שאַנדע.

דער אָפענער און געהיימער ווידערשטאַנד קעגן דער פּאָגראָם־פּאָלי־טיק פון דער היטלערישער דיקטאַטור הערט ניט אויף אין דייטשלאַנד, און נאָר א דאַנק די אויסדרוקן פון סאָלידאַריטעט מיצאַד גרויסע טיילן פון דער „אַרישער" באַפעלקערונג, קאָנען צענדליקער טויזנטער פאַר־פאָלגטע אידן אין דייטשלאַנד איבערהויפּט נאָך אַריבערטראָגן זייער לעבן. מע ווייסט דאָס ניט נאָר פון די אידן אַליין, וועלכע דערציילן וועגן דער דאָזיקער סאָלידאַריטעט, עס איז גענוג א בליק אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּרעסע, קעדיי צו זען לויט די דראָונגען און שווארצע טאָוולען, וואָס ווערן טאָגטעגלעך פאַרעפנטלעכט, אַז דורכפירן די אידן־פיינטלעכע מאָסמיטלען קאָן מען נאָר מיט דער הילף פון אומדערהערטן טעראָר אויך קעגן דער ניט־אידישער באַפעלקערונג.

## מיר הונגערן — „זיינען אין דעם אויך שולדיק די אידן"?

נאָך דעם, ווי בא דער פאָלקס־אָפּשטימונג אין נאָוועמבער 1934 האָבן זיך איבער 7 מיליאָן מאַן, פריער פאַר אַלץ די אַרבעטער־מאַסן פון די אינדוסטריעלע שטעט, אַרויסגעזאָגט קעגן היטלערן, האָבן די נאַ־ציאָנאַל־סאָציאַליסטן גוואַלדיק פאַרשטאַרקט די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַ־ציע צווישן די אַרבעטער. דער „דייטשישער אַרבעט־פראָנט", די דאָזיקע צוואַנג־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אַפן אָרט פון די צע־בראָכענע פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, האָט באַקומען אַן אויפטראָג דורכ־צופירן די אידן־העצע צווישן די אַרבעטער. אין די גרויסע אונטערנע־מונגען זיינען אויסגעהאַנגען געוואָרן טאָוולען מיט אַזוינע אויפשריפטן:

„אידן זיינען בלוטזויגער און דערשטיקער פונעם דייטשישן אַרבעטער". „אידן זיינען אָנהענגער פון ראַסן־שאַנדע". „אידן ווילן די פאַרניכטונג פון דער דייטשישער ראַסע". „אידן זיינען שענדער פון דייטשישע מיידלעך און פרויען". „אידן זיינען די שולדיקע אין מילכאָמעס".

די אַרבעטער האָבן אָבער ניט געלאָזט זיך פאַרפירן פון דער אַנטי־אידישער העצע. מיר ברענגען נאָך עטלעכע פאַקטן.

אין א מיטל־דייטשישער שטאָט האָט מען איינמאָל אינמיטן אוי־גוסט 1935 געמאָלדן די אַרבעטער, אַז זיי מוזן אָנטיילנעמען אין א פאַר־

זאמלונג, לויט דער פאַראָרדענונג פונעם פירער פון דער אונטערנעמונג און פון דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן פאַרטרויאונגס־ראַט. אַף דער פאַרזאַמלונג האָט געזאָלט ארויסטרעטן מיט א רעדע שטרייכער. די אַר־בעטער האָבן אָבער דערקלערט, אַז נאָך דער שווערער אַרבעט קאָנען זיי ניט מאַרשירן נאָך צוויי שאָ צו דער פאַרזאַמלונג. דער אַרבעט־פראָנט איז געווען געצוואונגען צו באַפרייען די אַרבעטער „איבער זייער באַ־טאָניקער שווערער אַרבעט" פון אָנטיילנעמען אין דער פאַרזאַמלונג.

פון אַ שביינעסדיקער אונטערנעמונג, וואָס באַשעפטיקט 6 טויזנט מאַן, האָבן זיך באַטייליקט אין דער פאַרזאַמלונג נאָר 2 טויזנט מאַן, כאָטש די אַרבעטער איז ניט געגעבן געוואָרן קיין דערלויבעניש זיך צו באַפרייען.

אין דער זעלבער צייט זיינען אין בערלין פאָרגעקומען מאַסן־ אַרעס־טן צווישן די אָנגעשטעלטע פון אַ גרויסער וועשעריי־פירמע. די סיבע איז געווען דער פראָטעסט פונעם פערסאָנאַל קעגן די אַנטיסעמיטישע באַשמוצונגען פון די וויטרינעס. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן דעמדאָזיקן פּראָטעסט דערקלערט אַלס אַ מעלוכע־פיינט־לעכע האַנדלונג, און באַזונדערס, ווייל בא די לעצטע וואַלן אין די אונ־טערנעמונגען האָבן 70 פּראָצ. פון די אָנגעשטעלטע ניט געשטימט פאַר דער ליסטע פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן.

אַ באַזונדערן צאָרן האָט אין שלעזיע אַרויסגערופן אַ פאַל, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין סעפּטעמבער 1935 אין גלייוויץ. דאָרטן זיינען 200 אַרבעטער פון אַ פאַבריק אַרעסטירט געוואָרן, ווייל אַפן פאַבריק־קוימען איז אויפגעהאנגען געוואָרן אַ טאָוול מיט דער פאָלגנדיקער אויפ־שריפט: „מיר הונגערן — זיינען אין דעם אויך שולדיק די אידן?" מע האָט זיך ניט געקאָנט דערוויסן, ווער ס'האָט דאָס געטאָן.

די פּאָליטיש־געשולטע דייטשישע אַרבעטערשאַפט פאַרשטייט די פאַלשקייט און דעם זין פון דער אידן־העצע בעסער, איידער אַנדערע באַ־פעלקערונג־שיכטן. זי ווייסט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז דער „סאָציאַ־ליזם פון די נאַראָנים", מיט וועלכן מע וויל פאַרטרייבן דעם רעוואָלו־ציאָנערן גייסט. אָבער אויך אין די אַנדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג באַמערקט זיך אָפּט אַן אָפענער ווידערשטאַנד.

נאָך דעם פּאָגראָם אַפן קורפירסטנדאם אין בערלין טיילט מיט די „באַזעלער נאַציאָנאַל־ציַיטונג" פון 1־טן יולי 1935:

„קעגן די פּאַרטיי־לייט, וואָס האָבן גראַמירט די אידישע קוואַרטאַלן, האָט מען פון דעם פּובליקום געהערט שאַרפע קריטיק: „פאַרוואָס גיט איר זיי פאַטענטן, אויב מע טאָר בא אידן ניט קויפן?" „אָבער שטייערן צאָלן און אונטערשרייבן זיך אַף זאַמל־ליסטעס, דאָס מעגן די אידן יאָ, עמעס?" קעגן די, וואָס האָבן אַזוי געשריען, איז די פּאָליציי ניט אַרויסגעטראָטן".

וועגן דער שטימונג, וואָס הערשט צווישן דער „אַרישער" באַפעל־קערונג, טיילן אונדז מיט יעדיעס פון די פאַרשיידנסטע געגנטן פון דייטשלאַנד:

„דעם 15־טן סעפּטעמבער איז אין הערוועסט־דאַרשטען פאָר־געקומען אַ דעמאָנסטראַציע פון די שטורמאָוויקעס. די שטורמאָ־וויקעס זיינען אַרומגעפאָרן איבער דער שטאָט אין צוויי פּראַכט־אויטאָמאָבילן מיט אַנטי־אידישע טראַנספּאַראַנטן. הינטער די צוויי פּראַכט־אויטאָמאָבילן איז געפאָרן אַן אויטאָמאָביל מיט אַ ספּע־ציעלער וואָך. די באַפעלקערונג האָט געקוקט אַף דער דאָזיקער „דע־מאָנסטראַציע", ניט גריסנדיק די האַקנקרייץ־פאָן. דערפאַר האָבן זיך די שטורמאָוויקעס געוואָרפן אַף די צושויער און גענומען שלאָגן. בא הונדערט צושויער זיינען אַוועק מיט צעבלוטיקטע קעפּ".

פון בערלין טיילט מען מיט וועגן דער ווערבירונג־קאָמפּאַניע פאַר דעם „שטירמער":

„די „שטירמער"־ווערבירונג האָט בא דער באַפעלקערונג ניט געפונען קיין צושטימונג. אין בערלין איז גאָר אָפּט געקומען צו דעמאָנסטראַציעס קעגן דער אַנטיסעמיטישער העצע. אין טעמפּל־האָף מוז מען אָפּטמאָל ברענגען פּאָליציי, ווייל די שטורמאָוויקעס האָבן ניט קיין אויטאָריטעט, אָבער דער פּאָליציי גיט זיך אויך ניט איין צו באַרואיקן די אויפגערעגטע באַפעלקערונג. סאָף יולי האָט אַ שטורמאָוויק בא אַזאַ געלעגנהייט דערשטאָכן אַ מענטשן אַפן ראָג פון דער קייזערן אויגוסטאַ־שטראַסע און דער בערלינער

שטראַסע. דער מענטש איז געפאַלן אַ טויטער אויפן אָרט. דער דאָ־זיקער פאַקט האָט אַזוי אויפגערודערט די באַפעלקערונג, אַז צו די אידן וואָס האָבן געוואָלט אָפּקראַצן די אויפשריפטן און די באַשמירונגען פון זייערע וויטרינעס, האָט דער אוילעם געשריען אין דער אַנוועזנהייט פון פּאָליציי, שטורמאָוויקעס און פּאַרטיי־פונקציאָנערן: „דו, אידיאָט, לאָז דאָס איבער, דאָס איז דאָך די בעסטע רעקלאַמע!" אויף די צושויער, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט רואיק צו דער אנטי־אידישער העצע, זיינען פרויען אָנגעפאַלן מיט געשרייען: „זיינען דען די אידן ניט קיין מענטשן?"

פון צאָפּן־מאַירעוו דייטשלאַנד שרייבט אַן איידעס וואָס האָט עס אליין געזען:

„אין צאָפּן האָט מען פיל אידן געפירט דורך די גאַסן. מע האָט געפירט אויך אייניקע קריסטלעכע מיידלעך, וועלכע מע האָט פאַרגעוואָרפן אומזיטלעכע באַציאונגען מיט אידן. די באַפעלקערונג איז געוועזן אויפגעבראַכט. אין די בירגערלעכע קרייזן, צו וועלכע די מיידלעך האָבן געהערט, איז די אויפרעגונג געוועזן שטאַרקער, ווי אומעטום. אויף די גאַסן האָבן זיך געבילדעט גרויסע גרופּן מענטשן, וואָס האָבן אויפגערעגט דיסקוטירט. די פּאָליציי־באַאַמטע, וואָס האָבן אויפגעפאָדערט פאַנאַנדערצוגיין זיך, האָט מען אָפן געזאָגט, זיי זאָלן בעסער אַכטונג געבן אויף די באַזיירים די נאַצים, וואָס פירן זיך אויף באַזעריש טאָגטעגלעך. די פּאָליציי האָט דערויף נאָר געזאָגט דער באַפעלקערונג, זי זאָל ניט שטערן דעם פאַרקער און זאָל זיך פאַנאַנדערגיין. די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע האָט געמאָלדן קיין בערלין, אַז מע קאָן ניט גאַראַנטירן פאַר דער אָרדענונג אין דער שטאָט. דאַן איז אַהין אָנגעקומען דער פּאָליציי־גענעראַל דאַליגג. זיין אויספאָרשונג פון דער לאַגע האָט געפירט צו דעם רעזולטאַט, אַז די אַרעסטירטע אידן און מיידלעך זיינען טייקעף אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף דער פריי. אין שטאָט האָט מען פאַרשפרייט בילדער פונעם פיניקונג־מאַרש פון די אידן און מיידלעך איבער דער שטאָט. דאַליגע האָט געהייסן קאָנפיסקירן די דאָזיקע בילדער. די באַפעלקערונג האָט זיך אין דעם

דאָזיקן פאַל אַרויסגעזאָגט קענען די נאַציס אַף אַלע 100 פּראָצענט.

אין עמדען האָט מען געזאָלט פירן אַ אידן דורך די גאַסן. אינמיטן איז אים געלונגען צו אַנטלויפן. די שטורמאַוויקעס זיינען דערויף געוועזן אויסערגעוויינלעך אויפגעבראַכט, אין דער צייט, ווען די באַפעלקערונג האָט אָפן אויסגעדריקט איר פרייד, וואָס דעם אידן איז געלונגען צו אַנטלויפן פון די יונגען".

## די פּאָפּולערקייט פון דעם „שטירמער"

אין דער מאָס, ווי דער „שטירמער" האָט אָנגעהויבן פאַרפלייצן גאַנץ דייטשלאַנד, באַ דער העכסטער אונטערשטיצונג פון דער מאַכט, איז געוואָרן אַלץ קענטיקער דער אומווילן קעגן שטרייכערס פּאָגראָם-מעטאָדן. דעם 1-טן אויגוסט פאַרעפנטלעכט די „באַזעלער נאַציאָנאַל-צייטונג" אַ מיטיילונג פון בערלין:

„אין דער לעצטער צייט מערן זיך די סימפּטאָמען פון אומצופרידנקייט קעגן דעם „שטירמער" באַ דער באַפעלקערונג פון דער הויפּט-שטאָט. די שלעכטע שטימונג לאָזט זיך דערקענען אין דער ערשטער ריי אינעם באַשעדיקן די קאַסטנס, אין וועלכע עס ווערט אַרויסגעהאַנגען די אַנטיסעמיטישע צייטונג. די מעטאָדן פון דער אַנטיסעמיטישער צייטונג רופן אַלץ מער אַרויס אויפרעגונג, טיילווייז איבער דעם, וואָס זיי זיינען פאַרבונדן מיט פּאָרנאָגראַפיע... אין דער מאָס, ווי עס פאַרשווינדט דער גלויבן אין דער ריכטיקייט פון די יעדיעס וועגן די אידן, וואַקסט אויך צווישן דעם פאָלק דער ווילן צו גערעכטיקייט".

אין איינייינציקן נומער (נומ. 40 פון אָקטאָבער 1935) שילדערט דער „שטירמער" אַליין דריי פאַלן, ווען אַפילע פּאַרטיי-כאַווייריִם ווייזן אַרויס „ליבע צו אידן". עס האַנדלט זיך דערביי וועגן אַ פּאַרטיי-כאַווער און איינגנטימער פון אַ האָטעל אין ליצען, וואָס „נעמט אויף מיט באַזונדערער ליבע אידן אין זיין האָטעל", וועגן אַ פּאַרטיי-כאַווער אַ באַאַמטן אין נאָרד-האַוזען, וואָס „פאַרקערט מיט אַ אידן" און וועגן אַ פּאַרטיי-כאַווער ראַטהער פון וורעדען, וואָס „האָט זיך באַטייליקט אין

א לעוואַיע פון א אידן". ווייטער טיילט מיט דער זעלבער נומער „שטירמער" אין זיין „ריין אַרישער" שפּראַך, אַז „כאַזיירים אין מענטשן־געשטאַלט האָבן באַשמירט מיט שמוץ דעם „שטירמער"־קאַסטן אין האַגען א. אַז. וו. די „פאַרברעכער" האָט מען ניט אַנטדעקט".

און אָט איז אַן אָפיציעלע מיטיילונג, וואָס איז דערשינען אינעם „קאָבורגער אַמטבלאַט" אין אָנהויב יולי 1935:

„די לעצטע וואָכן זיינען לויטן פאָרשלאָג פונעם קרייז־פירער פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי געבראַכט געוואָרן אין פּאָליציי־טפיסע 4 פויערים, ווייל מע האָט זיי באַשולדיקט... שעד געוועזן, אַז זיי האָבן געהאַט באַציאונגען נאָך דעם 26־טן מאַי מיט אידישע פי־הענדלער. איך גיב דאָס צו וויסן מיט דער אָנווייזונג, אַז מע וועט אַרויסטרעטן אָן ראַכמאָנעס קעגן די פויערים, וואָס וועלן ניט אָפּשטעלן דעם פי־האַנדל מיט אידן".

אין לודוויקסהאַפען איז אינמיטן אויגוסט אַרעסטירט געוואָרן אַן אייגנטימער פון א האָטעל און זיין פרוי, ווייל זיי האָבן זיך „אויפגעפירט אויפּאַלנדיק" בא אַרעסטירן א אידן.

# די ניט־עפנטלעכע מיינונג

א גרויסער טייל פונעם דייטשישן פאָלק זאָגט זיך אָפּ מיטצומאַכן די רעדיפעס אַף אידן וואָס ווערן אָרגאַניזירט לויטן פאַרלאַנג פון די העכסטע אינסטאַנצן.

דעמאָנסטראַטיוו גייען א סאַך מענטשן איינקויפן אין אידישע געשעפטן, צו א אידישן דאָקטער אָדער אַן אַדוואָקאַט. די פאַרשיידענע דראָונג־מעלדונגען, וואָס דערשיינען אין די צייטונגען, ווי אויך האַלב־און גאַנץ־אָפיציעלע פאַראָרדענונגען באַווייזן, אַז די דאָזיקע שטומע דעמאָנסטראַציעס קעגן דעם רעזשים הערן ניט אויף.

די פאָלגנדיקע ליסטע, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט לויט פּראָווינציעלע צייטונגען גיט נאָר א קליינעם אויסוואַל פון צאָלרייכע פאַלן, קעגן וועלכע די מאַכט־אָרגאַנען מוזן אַרויסטרעטן אין גאַנץ דייטשלאַנד.

גאַרבאַך־וואַלדע:

„די נעמען פון די יעניקע, וואָס האָבן נאָך אַלץ די אומפּאַר-

שעמטקייט צו קויפן באַ אידן, וועלן אויסגעשטעלט ווערן אויף דער הויפט-גאס אין א וויטרינע".

קווערלינבורג און ווערניגעראָדע:

„א שאַנדסלופ וועט איינגעפירט ווערן פאר די, וואָס קויפן אין אידישע געשעפטן".

האם אין וועסטפאלען:

„עס וועט פאַרעפנטלעכט ווערן א ליסטע פון די פּערזאָנען, וואָס האָבן געמאַכט טעלעפאָנישע באַשטעלונגען אין אידישע געשעפטן".

דיסלדאָרף:

„עפנטלעכע דראָונג קעגן אלע מעלוכישע און קאָמונאלע באַאמטע, וואָס גייען צו אידישע סאָכרים"

קרעפעלד:

דער שטורעם-פירער ענדט זיך „צו די געוויסנלאָזע דאמען פון קרעלפעלד" מיט פאָלגנדיקער וואָרענונג:

„אַזוי ווי פרויען און מיידלעך פון קרעפעלד, וואָס זיינען אונדז גוט באַקאַנט, ענטפעלן אַפן באָיקאָט פון די אידישע געשעפטן מיט א באָיקאָט אַפן קריסטלעכן געווערבלעכן מיטלשטאַנד, וואָרענען מיר זיי: זאָלן זיי זיך ניט וואונדערן, אויב די שטורמאָוויקעס וועלן זיי סאָפּ-קאָלסאָף באַהאַנדלען פּונקט אַזוי, ווי עס זיינען אַמאָל באַהאַנדלט געוואָרן די ווייבער, וואָס האָבן געהאַט אַ פאַרקער מיט די בעלגישע סאָלדאַטן און אָפיצירן אין דער אָקופּאַציע־צייט. מיר גיבן גוט אכ-טונג".

ווירצבורג:

„...די פרויען, וואָס קויפן אָפּן אָדער געהיים באַ אידן, מוזן גע-שטעמפּלט ווערן אַלס אידישע אונטערהעלפער.... מע דאַרף רעקאָמענ-דירן — און דאָס וועט אויך פאַרווירקלעכט ווערן — אַז אין דאַכאַו (קאָנצענטראַציע-לאגער) זאָל געשאַפן ווערן אַן אָפּטייל פאַר פרויען — פאָלקס-פאַרעטער".

וואַרסאָוו (פּאָמערן):

„עס וועט איינגעפירט ווערן אַ שאַנדסלופ פאַר אַריער, וואָס קוי-פן באַ אידן".

אין 1935 איז מען שוין קימאַט אומעטום אַוועק אַזוי ווייט, אַז מע האָט ניט נאָר איינגעאָרדנט שוואַרצע טאָוולען, נאָר מע האָט אויך גענומען די ווידערשפעניקע אַרויסוואַרפן פון דער אַרבעט אָדער אויפהערן אַרויסגעבן זיי שטיצע. פון בערלין האָבן מיר אַ באַקאַנטמאַכונג פונעם אַמט פאַר פאָלקס־וואוילטעטיקייט פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פאַרטיי, קרייז פרענצלאַוערבערג, „צו אַלע הילפבאַדערפטיקע פונעם קרייז פרענצלאַוערבערג" פון 31־טן יולי 1935, וואָס ענדיקט זיך מיט די פאָלגנדיקע זאַצן:

„ווער עס באַפרידיקט נאָך היינט זיינע באַדערפענישן דורך קויפן בא אידן, פאַרשטערט די פרייד פון די, וואָס האָבן געגעבן נעדאַווועס פאַרן קאַמף קעגן הונגער און קעלט.

איך בין דעריבער געצוואונגען ניט צו געבן מער קיין אונטערשטיצונג די אַלע נויט־באַדערפטיקע, וואָס זיינען דעגענערירט און קערן זיך אָפּ פון דער פאָלקס־געמיינשאַפט".

וועגן אַזוינע פאַראָרדענונגען ווייסן מיר אויך פונעם לאַנדקרייז האַרבורג, פון אולעם, פון דעם קרייז רויטנבורג, פון די געמיינדעס אַרעלהאָפען און שדיסהיים אין באַדען, פון ניישטאַט, פון בערלין־שטעגליץ, פון פונסטערוואַלדע, פון פראַנקפורט־אַם־אָדער, פון שווערט, פון מיינץ־בישאָפסהיים, פון פעטערהאָף, פון עמדען, פון ביסמאַרק, פון מייסען. די רעשימע איז ווייט ניט פולקאָם. אַן אַרמיי פון מאָסרים געפינט אַ נײַ טעטיקייט־פעלד און נײַע פאַרדינסטן באַם אויסשפּיאָנירן „ניט זיכערע פאָלקס־כאַווײרים". אומעטום שוויבלט און גריבלט מיט שפּיאָנען, ווייל אומעטום זיינען פאַראַן קעגנער פונעם רעזשים, קעגנער פון דער אידן־העצע. דעם 27־טן יוני 1934 שרייבט אַ סטודענט דעם „שטירמער" פון מינכען:

„אַף די בענק פון דער אווידיטאָריע האָט מען אויסגעקריצט: „אַראָפּ די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן". אָבער דאָס איז נאָך ניט גענוג... אויב מיט דריי יאָר צוריק האָבן די סטודענטן דעמאָנסטרירט קעגן דעם אידישן אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר נאַוויאַסקי, קאָן מען היינט זען ווי אַ מאַסע, וואָס רופט זיך סטודענטן, ווייזט אַרויס

סימפּאַטיע צו אַ פּראָפעסאָר, וואָס די מעלוכע האָט אים דערקלערט אַלס ניט פּראָוואָרפלאַז...

...עס איז באַוואוסט, אַז דער דאָזיקער פּראָפעסאָר האָט זיך אַרויסגעזאָגט איבער ווינטיקע איניאַנים פון דער מעלוכע, צום ביישפּיל, וועגן דעם אַריערטום, אין דער פאָרם פון „וויצן”, אין וועלכע מע באַמערקט אַ באַשטימטע טענדענץ”.

אין אויגוסט 1935 האָט מען געקאָנט לייענען באַם אַריינגאַנג פון דעם בערלינער אוניווערסיטעט אַזאַ באַמערקונג:

„צום באַדויערן, ווייזן נאָך אַרויס אַ סאַך סטודענטן, וואָס שטודירן יוריספּרודענץ, די אומדיסציפּלינירטקייט און גייען צו אידישע רעפּעטיטאָרן. דערמיט ווערט געגעבן די לעצטע וואָרענונג: „ווער עס וועט ווייטער גיין צו אידישע רעפּעטיטאָרן, וועט אין ראַכמאָנעס עפנטלעך געשטעלט ווערן צום שאַנדסלופּ!”.

## דאָס פאָלק איז קעגן דער אידן-העצע

ווי שטאַרק עס איז דער ווידערשטאַנד קעגן די פּאָגראָם-העלדן, קאָן מען פון קיין ציי‏טונג ניט אַרויסזען אַזוי גוט, ווי גראָד פון דעם „שטירמער”. עס איז ניטאָ קיין איין נומער, אין וועלכן מע זאָל זיך ניט קלאָגן אויף גאַנצע שפּאַלטן אויף די „אידן-קנעכט”. אין נומער 40 (יאָרגאַנג 1935) ווערט מיט צאָרן געשריבן וועגן כאַראַקטערלאָזע „אידן-קנעכט פון שטעמערט”. אין דער זעלבער צייט ווערט מיטגעטיילט, אַז מע האָט געמוזט אַראָפּנעמען אַ באַאַמטן אין וורערדען, ווייל ער האָט גע-וואַגט אָנטיילנעמען אין דער לעוואַיע פון אַ אידן. אין נום. 42 (יאָרגאַנג 1934) ווערט געשריבן: דאָ, אין מינסטערלאַנד, פעלט נאָך שטאַרק אויפ-קלערונג וועגן דער אידן-פראַגע. גראָד די פּויערים קימערן זיך גאָרניט וועגן דעם”. אין נום. 25 (יאָרגאַנג 1935) ווערט באַצייכנט אַלס „ביר-גערלעכע אומפאַרשעמטקייט”, וואָס אַ דינסלאַקענער אייגנטימער פון אַ געשעפט האָט צוגענומען אַ אידיש לערן-אינגל פון אַ אידישן יעסוימים-הויז. דער בריוו-קאַסטן פונעם זעלבן נומער שווימלט און גריבלט מיט ענלעכע מעסירעס. עס ווערט דערקלערט אַלס פליכט „צו מאַסערן „אידן-קנעכט”. אין נום. 24 (יאָרגאַנג 1934) דראָעט מען אַ שטייער-אינספּעק-

טאָרן מיט אָפּזאָגן זי פון דער אַרבעט, ווייל זי איז באַפריינדעט מיט אידישקעס. נומ. 43 (יאָרגאַנג 1934) טיילט מיט וועגן דער שאַנדע פון קעלסטערבאַך, וואו אין אַלע קרייזן זיינען פּאַראַן „אידן־קנעכט". פון אָרענוואַלד קומען אויך אָן אָנקלאַגעס: פּויערים נעמען דאָרט אָן אידן אַלס לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראַקטיקאַנטן. קעגן „באַכאַלטער אידישע שטיק", „ברוכזאַלער אידן־קנעכט" און „קריטיקאַנטן אין קאַמערן, וואָס מע קען זיי ניט איבערציינגן, אַז די אידן זיינען אונדזער אומגליק", ווערט דערציילט אינעם נומ. 11 (1935): „אַז אין היינטיקן דייטשלאַנד קאָן נאָך אומגעשטערט פּלאַמבירן ציין אַ געשמאַדטער ראַסן־איד", און צאָלרייכע בירגער און פּויערים אין דיטפּורטער קרייז לאָזן זיך באַ אים פּלאָמבירן די ציין, ווערט מען געוואָר פונעם „שטירמער" נומ. 1 (יאָרגאַנג 1935). „אין קאָרבאַך־וואַלדעק זיינען אויך פּאַראַן מענטשן, וואָס קאָנען ניט אָפּשטיין פון אידן", מעלדעט מיט צאָרן דער נומ. 8 (1935). אין נומ. 22 (1935) איז דער „שטירמער" באַזונדערס אויפגעבראַכט.

ער פאַרפלוכט די אידן־קנעכט פון קאַרלשטאַט און קעניגסבאַך און ווילדעוועט, וואָס אין פּעמינגען האָבן פאַרדאַרבענע אידן־קנעכט אַראָפּגעריסן די „שטירמער"־פּלאַקאַטן פון די סלופּעס. ער דרוקט נאָכאַמאָל אַלס מוסטער דעם אויפרוף צו מאָסרים, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינעם „אַלגאַוער בעאָבאַכטער":

מעלדעט וועגן די פּלאַקאַטן־שענדער!

עס איז ווידער געשען, אַז געמיינע פאַרברעכער האָבן אַראָפּגעריסן פּלאַקאַטן פון אונדזער אַלטער קאַמפּס־צייטונג דער „שטירמער". דאָס איז באַזונדערס פאַרברעכעריש, ווייל דעם „שטירמער" גיט אַרויס אונדזער אַלטער פּאַרטיי־כאַווער, דער פירער פון פראַנקען, שטרייכער. אַלע שטורמאָוויקעס און פּאַרטיי־כאַווײרים פאָדער איך אויף אָנצורופן די מעגלעכע פאַרברעכער, וואָס זיינען עמעסע אידן־קנעכט קעדיי די דאָזיקע פאָלקס־פאַרעטער זאָל מען שנעל קאָנען געבן איבער די הענט. אַזוינע געמיינע מאַיסים באַווייזן, אַז מעמינגען איז אויך זייער צאָלרייך געבענטשט מיט אַזעלכע אידן־קנעכט, וואָס שטעלן זיך נאָך היינט אין דינסט פונעם אידישן פאָלקס־פאַראַט. דעריבער, שטורמאָוויקעס און פּאַרטיי־

באַווייִרים, מעלדעט מיר וועגן אַזוינע אידן־קנעכט און זאָרגט דערפאַר, אַז אונדזער „שטירמער" זאָל גוט פאַרשפּרייט ווערן".
די שטימונג אין דאָרף כאַראַקטעריזירט אַ בריוו, וואָס איז דערשינען אין „שטירמער" אין סעפּטעמבער 1935 אונטערן טיטל „איז דער קליינער איד ניט געפערלעך?" אין דעם דאָזיקן בריוו ווערט געזאָגט:
ליבער „שטירמער"!
איך האָב דעם געפיל, אַז דו טרעטסט ניט אַרויס גענוג שאַרף קעגן אַ פאַלשער מיינונג וועגן די אידן, באַזונדערס די אַזוי גערופענע „קליינע אידן", וואָס הערשן בײַ אונדז אין די דערפער. אַלס פאָלקס־לערער און פאָלקס־דערציִער קומט מיר אויס אָפט צו הערן פון מײַנע דאָרף־כאַווייִרים בעיִס מײַן אויפקלערונג־אַרבעט די דערווידערונג: „די קליינע אידן זײַנען דאָך ניט שולדיק אין אונדזער אומגליק; זיי גייט פונקט אַזוי שלעכט, ווי אונדז!"
עס איז שווער קלאָר צו מאַכן אונדזער פויער, אַז גראָד די „קליינע אידן" זײַנען דער „שלאָג־אַטריאַד פונעם וועלט־אידנטום", וואָס האָט מער אויפגעטאָן צו צעשטערן די געוואוינהייטן און דעם אייגנטימלעכן לעבן פון די פויערים, איידער אַ סאַך אַנדערע סיבעס צוזאַמען גענומען.
אונדזער דערפל איז אַפילו „אידן־ריין", ווײַל קיין אידן וואוינען דאָ מער ניט.
...זעלבסטפאַרשטענדלעך זײַנען נאָך דער דערוואַכונג פון אונדזער פאָלק די אידן בײַ אונדז אויך פאַכראָנעסדיק פאַרקראָכן אין זייערע לעכער. אָבער אין אייניקע מאָנאַטן אַרום האָבן זיי זיך גענומען דורכגאַנווענען אין צעריסענע קליידער מיט אַ ראַכמאָנעס־דיעקר מינע דאָ און דאָרט אין פויערים־הויף (ניט אַזוי צוליב האַנדלס־געשעפט, ווי קעדיי אַרויסצורופן מיטלייד בײַ אונדזערע ניט־גלויביקע דאָרף־אײַנוואוינער). דאָס אַנטשפּרעכט אינגאַנצן דעם כאַראַקטער פון די דאָזיקע פאַרטרעטער פונעם „אויסדערוויילטן פאָלק". און ווען מע קוקט זיך צו, ווי אייניקע אָרטיקע בירגער באַציִען זיך צו די אידן, קומט מען צום שלוס, אַז זייער קאַוואָנע אַרויסרופן מיטלייד בײַ דער באַפעלקערונג האָבן די אידן בײַ אונדז פולקאָם דערגרייכט"...

אזוינע און ענלעכע אַרטיקלען געפינט מען ניט נאָר אינעם „שטירמער", מע געפינט זיי אויך אין דער גאַנצער פּרעסע פונעם היטלער־דייטשלאַנד. די דעמאַסקירטע אידן־קנעכט באַפרייט מען פון דער אַרבעט, מע נעמט צו די שטיצע — אין הינטערגרונט שטייט דער קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָס ווייסט יעדער, ווער עס שטעלט זיך אַנטקעגן אין וואָסער־עס־איז אַ פאָרם קעגן דער אידן־העצע. און אויב ניט געקוקט אַף דעם, וואַקלען זיך ניט צענדליקער טויזנטער צו שטיצן די גרוידעפּטע, זאָגט דאָס ניט נאָר אײדעס וועגן דער שטאַרקייט פון זייער כאַראַקטער, נאָר דאָס אַנטבלויזט אויך די שוואַכקייט פון דער סיסטעם. אויב די „טיימס" רופט אָן אין נאָוועמבער 1935 דייטשלאַנד „אַ גאַנײדן פאַר שאַנטאַזשיסטן", ווייל „דאָס געזעצלעכע אַרײַנמישן זיך אינעם פּריוואַט־לעבן פונעם יאָכיד איז דערלויבט, און דער שפּיאָן ווערט באַלוינט", — דאַרף דאָך די וועלט ניט פאַרגעסן, אַז ניט געקוקט אַף דער דאָזיקער שפּיאָנאַזש־סיסטעם, וואָס איז אָפיציעל אָרגאַניזירט פון דער מאַכט און סאַנקציאָנירט אַלס „דינסט דעם פאָטערלאַנד", קאָן מען ניט פאַרניכטן דאָס אַנדערע דייטשלאַנד. די אַרט און די פאָרמען פון זיין ווידערשטאַנד קעגן דער ברוינער באַרבאַריי זײַנען טויזנטערליי, און הונדערטער טויזנטער סימפּאַטיזירן מיט אים. זיין סאָלידאַריטעט מיט די פאַרשטויסענע ווייזט זיך אַרויס אין פּאַקעטן מיט לעבנס־מיטלען, וואָס ווערן געהיים אַרײַנגערוקט דורכן פענצטער, אינעם דעמאָנסטראַטיוון באַזוך בײַ אַ אידישן דאָקטער אָדער בײַ אַ סויכער, אינעם געהיימען אַראָפּרייסן אידן־העצערישע פּלאַקאַטן און אין אָפענעם פּראָטעסט אַף דער גאַס, אין דער אונטערנעמונג. קיין אַגענט פון דער געהיימער מעלוכע־פּאָליציי, קיין „שטירמער"־רעכילעס, קיין פאַרבאָט און קיין דראָונג קאָן ניט אָפּשרעקן אָדער צעשטערן די אַנטפּלעקונגען פון סאָלידאַריטעט מיצאַד דער טאָגטעגלעך וואַקסנדיקער צאָל אומצופרידענע, מיצאַד די, וואָס פאַרשטייען דעם ציל פון דער אידן־העצע. אָט דאָס אַנדערע דייטשלאַנד, וואָס איז פאַרוקט געוואָרן אונטער דער ערד, איז אָבער דאָס עמעסע דייטשלאַנד, וואָס וועט זיין די מאַכט פון מאָרגנדיקן טאָג, דאָס דייטשלאַנד, וואָס וועט געבן דעם דייטשישן פאָלק פרייהייט און דער וועלט שאָלעם און וועט אָפּרייניקן דייטשלאַנד פון דער שמאַכט פון דער געלער לאַטע.

---

# באַמערקטע דרוק - פעלערן

| זייט | שורע | אָפּגעדרוקט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 168 | 26 | אייזנברענען | איינברענען |
| 168 | 27 | פאַרשלאָגנ: | פאַרשלאָגן |
| 169 | 4 | אומטעריכט | אונטעריכט |
| 170 | 11 | גיינען | גייען |
| 175 | 2 | קרוצע | קורצע |
| 175 | 8 | זיעבער | זיבערע |
| 188 | 25 | צושגרינגען | צושפּרינגען |
| 191 | 23 | הערט | הערט. |
| 191 | 24 | אר | איר |

$ 1.50

# LA MARCA INFAMANTE

Edicion ALERTA

(Organización Popular Contra el Antisemitismo)

LAVALLE 2330 BUENOS AIRES

Talleres Gráficos CULTURA, Sarmiento 2157, Buenos Aires.